אויף דיעזע פראגען. דאָס איז געווען זיין לעצטע ווערק. אין זיין בריעף צו שאול כהן בעקלאָגט ער זיך, דאָס ער איז געוואָרען זעהר אַלט און שוואך. זיינע טעג זיינען שוין דאַן געווען געצעהלטע. אין 1509 איז דער גרויסער מלין יושר, שטאַאטסמאַן און געלעהרטער אויסגעגאַנגען. זיין טויט איז בעוויינט געוואָרען פון אַלע אידען איבער דער גאַנצער וועלט. אלע האָבען געפיהלט, אַז זיי האָבען פערלאָרען אין איהם אַ פאָטער.

זיין לויה איז געווען אַ גרויסאַרטיגע. אויך פיעלע קריסטען און ווענעציאַנער אריסטאָקראַטען זיינען געקומען איהם אָבגעבען דעם לעצטען כבוד. זיינע זיהן האָבען איהם בעגראָבען אויף דעם אַלטען אידישען בית־עולם אין דער איטאַליענישער שטאָט פאדוא.

⁂

## .6

**דיא בעדייטונג פון אברבנאל'ס ווערק. — זיינע פירושים אויף געשעצט פון קריסטען. — געגען פרייע פילאָזאָפיע, אריסטאָטעל און רמב"ם. — זיינע שריפטען וועגען משיח'ס צייטען און זייער איינפלוס אויף דיא פערשפרייטונג פון קבלה און מעסיאניזמוס.**

---

אָבוואָהל מען קען ניט זאָגען, אז יצחק אברבנאל איז געוועזן אן אָריגינעלער דענקער, א זעהר טיעפער פילאָזאָף, און אז זיינע ווערק ענטהאלטען נייע לעהרען, דאָך האָט ער געהאַט א זעהר גרויסען איינפלוס אויף דיא גייסטיגע טהעטיגקייט פון אידישען פאָלק און אויף דיא אידישע ליטעראטור אין 16־טען און 17טען יאָהרהונדערט. זיין איינפלוס איז טהיילווייז געקומען דורך זיין ערעלע פאָליטישע טהעטיגקייט, דורך זיין הויכע לאַגע אלס פינאַנץ־מיניסטער אין פאָרטוגאל, שפאַניען און נעאפעל, און טהיילווייז דורך זיין ארויסטרעטען געגען פרייע פילאָזאָפיע, וואָס עס האָט גראדע געשטימט מיט דעם גייסט, וועלכער האָט דאן געהערשט צווישען אפילו די געבילדעטסטע אידען און וועלכער האָט געפיהרט צו דער אלגעמיינער פערעהרונג פון קבלה, צו מיסטיציזמוס (סתרי תורה) און צו אַן אויפלעבונג פון מעסיאניזמוס.

זיינע ווערק קענען צוטהיילט ווערען אין דריי קלאַסען: 1) עקזעגעטאַלע (ערקלערענדע) — דאָס זיינען נעמליך זיינע פירושים אויף דער ביבעל. 2) רעליגיעז־פילאָזאָפישע און 3) אפאָלאָגעטישע (פערטהיידיגענדע) — דאָס זיינען דיא שריפטען, אין וועלכע ער פערטהיידיגט דיא אידישע רעליגיאָן און ספּעציעל דעם גלויבען אין א משיח.

זיינע פירושים אויף דער ביבעל זיינען זיכער זיינע בעסטע

ווערק, דען דאָרטען האָט ער ניט נאָר ארויסגעוויזען זיינע טיפע און גרויסע קענטניסע, זאָנדערן אויך א וועלטליכען גייסט און א פערשטאנד פון א שטאאטסמאן. דיעזע פירושים האָבען בע־זאָנדערס א היסטאָרישען ווערטה. ער האָט געזוכט צו ערקלעהרען פיעלע דונקעלע פונקטען אין דער ביבלישער געשיכטע פון אידישען פאָלק. דאָס וואָס געוועהנליכע רבנים, וועלכע האָבען זיך גאָר ניט אינטערעסירט מיט וועלטליכע פראגען, האָבען דורכגעלאָזען אין זייערע פירושים, דאָס פערנעהמט א וויכטיגען פלאַץ אין אברבנאל׳ס קאָמענטארען. מען מעג איהם דערפאר רעכענען פאר איינעם פון דיא ערשטע גרינדליכע נאָכפאָרשער פון דער ביבעל. דיא הקדמות צו זיינע פירושים ערקלערען זעהר גוט דעם אינ־האלט. דאָס איז געווען געוויכערמאסען א נייעס אין זיין צייט.

אברבנאל׳ס עקזעגעטישע ווערק זיינען פיעל בענוצט געוואָ־רען ניט נאָר פון אידישע, זאָנדערן אויך פון קריסטליכע קאָמענטאַ־טאָרס און ביבלישע נאָכפאָרשערס. דיעזע ווערק זיינען איבער־זעצט געוואָרען פון קריסטליכע שרייבערס אין לאטיין און זיינען הויך געשעצט געוואָרען. מען קען זאָגען, אז קיין אידישער קאָ־מענטאטאָר איז ניט שטודירט און געאכטעט געווען אזוי פיעל פון קריסטליכע עקזעגעטען וויא אברבנאל. טהיילוויין איז עס געקו־מען דורך דעם, וואָס ער האָט זיך גאנץ עהרליך און אונפארטייאיש בענוצט מיט דיא פירושים פון איינינע קריסטליכע נאָכפאָרשערס פון דער ביבעל.

זיינע פילאָזאָפישע ווערק זיינען זעהר שוואכע. ער האָט זיך שטרענג געהאלטען אָן דעם בוכשטאב פון דער תורה און איז נאָך ארויסגעטראָטען געגען אלע זיינע פאָרגענגער, וועלכע האָבען זיך ערלויבט מעהר אָדער ווענינער פריי צו פילאָזאָפירען, צו מאַ־כן חקירות. ער האָט עס ניט געוואגט אָפען ארויסצוריידען, נאָר פון זיינע שריפטען קען מען שליסען, אז אפילו דער רמב״ם איז אן אפיקורס. זיין בעסטע פילאָזאָפישע ווערק איז „שמים חדשים“. אין דיעזען בוך זוכט ער צו בעווייזען, אז דיא וועלט איז בעשאפען געוואָרען אין צייט, אז עס איז דאָ א חידוש העולם. מיט דיזער

מעטאפיזישער פראגע איז ענג פערבונדען דיא עקזיסטענץ פון גאָט, און ניט וויניג טהעאָלאָגען האָבען זיך אויף דעם געבראָכען דיא קעפּ דעם גאנצען מיטעלאַלטער, ווען מען האָט זיך כמעט אויסשליסליך בעשעפטיגט מיט דיא זאָגענאַנטע חכמת האלהות און מיט פּירושים אויף הייליגע שריפטען. דען ווען מען זאָל בעווייזען, דאָס דיא וועלט איז ניט אָהן א'ן אָנהויב און אָהן א סוף, הייסט אז זיא עקזיסטירט ניט פון אייביג אָן, בעדייטעט עס דאָך, אז זיא איז בעשאפען געוואָרען; און אזוי וויא אַלעס געשאפענעס האָט דאָך א בורא, איז שוין דערפון געדרונגען, אז גאָט האָט בעשאפען דיא וועלט און אז ער עקזיסטירט.

וויא בעוואוסט האָט אריסטאָטעל, דער גרעסטער און טיעפּ־סטער גריכישער פילאָזאָף, וועלכער האָט געהאט דעם גרעסטען איינפלוס אויף דיא גאנצע ציוויליזירטע מענשהייט, ערקלערט, אז דיא וועלט עקזיסטירט אייביג. מאימאָניד (רמב"ם) וועלכער איז געווען א'ן אָנהענגער פון אריסטאָטעל'ס פילאָזאָפיע *) און האָט געזוכט איהר אויסצוגלייכען מיט דעם ביבלישען גלויבען, האָט ערקלערט אין זיין בעריהמטען „מורה נבוכים (וועגווייזער פיר פער־בלאָנדזשעטע)“, אז מען קען ניט ברענגען ריכטיגע בעווייזע וועגען דיא שעפּפונג פון דער וועלט אין צייט. אברבנאל טרעט ארויס זעהר ענערגיש געגען אזא אַפּיקורסישע פילאָזאָפיע און לייקענט אָב דיא עוויגקייט פון דער וועלט. ער טרעט אין אַלגע־מיינען ארויס געגען דעם רמב"ם'ס פילאָזאָפיע און בלייבט אויף דעם שטאנדפונקט פון בלינדע אמונה ניט נאָר אין דער ביבעל, זאָנדערן אויך אין תלמוד.

זיינע מיינונג וועגען דיא שעפּפונג פון דער וועלט אין צייט ערקלערט ער נאָך גרינדליכער אין „ראש אמונה“ און „מפעלות אלהים“.

מיר קענען זיך דאָ ניט אריינלאָזען אין בעטראַכטונגען וועגען

---

*) דיא לעבענסבעשרייבונגען פון אַריסטאָטעל און פון רמב"ם, ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לייברערי פּאָבלישינג קאָ.

דיא אלטע מעטאפיזישע (איבערנאטירליכע) חקירות איבער דיא שעפפונג פון דער וועלט, אויב אריסטאָטעל אָדער זיינע געגנער האָבען געהאט רעכט (אין אונזער צייט פילאָזאָפירט מען איבער־הויפט אויף א גאנץ אנדערען וועג); אבער מען מוז צוגעבען, אז אברבנאל האָט זעהר געשיקט אָנגעוויזען אויף פיעלע שוואכע פונקטען פון מאימאָניד'ס פילאָזאָפיע, וועלכע האָט איבערהויפט געשטרעבט צו א'ן אונמעגליכע זאך, נעמליך: צו איינשטימונג פון פילאָזאָפיע מיט אמונה, פון קריטישע פערנונפט מיט בלינדען גלויבען.

ווען מען נעהמט אין אנבעטראכט, דאָס אברבנאל איז געוועזען א שטרענגער אָרטהאָדאָקס אפילו אין זיינע פילאָזאָפישע ווערק און דאָס דער בוכשטאב פון דער ביבעל איז ביי איהם געשטאנען העכער פאר אלע חקירות, דארף מען זיך ניט וואונדערן, דאָס ער האָט ניט נאָר פעסט געגלויבט אין משיח'ס צייטען, זאָנדערן האָט אויך אויסגערעכענט, ווען משיח דארף קומען. דיא אידען האָבען דאַן אזוי פיעל געליטען אויף דער וועלט, אז זיי האָבען זיך אלין מעהר גענומען טרייסטען מיט האָפנונגען אויף א נאָהענטע ערלייזונג פון משיח, אום זיי צו ערלייזען ענדליך פון זייערע שרעקליכע צרות. אברבנאל איז ניט געוועזען א'ן אויסנאהמע, ער האָט געהאָפט צוזאמען מיט זיינע ברידער, אז משיח'ס צייטען זיינען נאָהענט.

גאַנצע דריי ביכער האָט ער אָנגעשריעבען וועגען דיזען גלויבען. דאָס זיינען דיא אפּאָלאָגעטישע ווערק: „מעיני הישועה", „ישועת משיחו", און „משמיע הישועה".

אין דעם ערשטען בוך בעשעפטיגט ער זיך ספעציעל מיט דניאל'ס נביאות, וועלכע ער בעטראכטעט מיט רעכט אלס דעם פונדאמענט פון מעסיאניזמוס. ער זוכט צו ערקלערען דעם אידישען שטאנדפונקט וועגען משיח'ן און דערביי קריטיקירט ער זעהר גרינדליך דיא קריסטליכע בעהויפטונגען.

אין צווייטען בוך ברענגט ער ארויס זעהר אויספיהרליך דיא שילדערונגען פון תלמוד און מדרש וועגען משיח'ן.

אין דריטען בוך רעכענט ער אוים אלע פסוקים, וועלכע בעציהען זיך אויף משיח'ן, מיט זיינע ערקלערונגען און מיט א שארפע קריטיק פון קריסטליכע מיינונגען. ער גיט דארטען אויך א בעשרייבונג פון משיח'ס צייטען נאך דיא איינבילדונגען פון דיא רבנים אין מיטעלאלטער.

שטיצענדיג זיך אויף דניאל'ס נביאות, האט ער גערעכענט, אז ער האט אונבעשטרייטבאר בעוויעזען, דאס משיח מוז קומען און דאס דיא אידען וועלען האבען א גלענצענדע צוקונפט. דערביי איז ער אזוי ווייט פערקראכען אין זיין הייסען גלויבען, דאס ער האט זיך גענומען אויסצורעכענען אויף דעם שטייגער פון געוועהנ־ליכע קאבאליסטען, ווען משיח דארף זיך בעוויייזען. נאך זיינע רעכנונגען איז אויסגעקומען, אז משיח'ס ערשיינונג וועט זיין אין יאהר 5263 (1503 נאך דער קריסטליכער רעכנונג) און אז דיא וועלט וועט אונטערגעהן און אז רוים וועט פאלען מיט 20 יאהר שפעטער.

מיט דיזע ביכער און בעזאנדערס מיט זיינע משיח'רעכנונגען האט אברבנאל ניט־ווילענדיג געשטיצט דיא קאבאליסטען. ער איז ניט געוועזען א פריינד פון דער קבלה, דען ער איז געוועזען א שטרענגער תלמודיסט און אויך צו פיעל פילאזאף צו ווערען בעגייסטערט פון אזא ווילד־משונה'דיגע ווערק, וויא דער „זוהר"; אבער ווען ער איז ארוים מיט זיין „מעיני הישועה", האבען זיך אלע אנהענגער פון דער קבלה אן דעם אנגעכאפט. זיי האבען זיך בענוצט מיט דעם צו פערשפרייטען זייערע מיסטישע איינבילדונ־גען און רעכנונגען. אלע אידען האבען דאן און אויך אין שפעטערע צייטען גערעכענט, דאס ווען אזא געלאסענער שטאאטסמאן און גרויסער געלעהרטער פערנעהמט זיך מיט אויסרעכנונגען פון משיח'ס צייטען, דאן דארפען אלע גלויבען אין דעם און זיך פערלאזען אויף דיא „סודות" פון דער קבלה.

דיא ווירקונג פון אברבנאל'ס ווערק וועגען משיח'ס צייטען איז געוועזען אזוי גרויס, דאס אין 1502, מיט א יאהר פאר דער צייט, וועלכע ער האט בעשטימט פאר משיח'ס ערשיינונג, האט

זיך אין איסטריא, ניט ווייט פון ווענעציא, **בעוויעזען איינער,** וואָס האָט זיך ארויסגעגעבען פאַר דעם אָנזאָגער, אז משיח קומט. דאָס איז געווען אשר לעמלין. ער האָט בעקאַנט געמאַכט, דאָס ווען דיא אידען וועלען טאָן תשובה, וועלען פאַסטען און טהיילען צדקה, וועט משיח זיכער קומען אין 6 מאָנאַט ארום. דער עולם איז אזוי פאַרבערייטעט געווען דורך קאַבאַליסטישע פלוידערייען צו גלויבען אין משיח'ס נאָהענטע ערשיינונג, דאָס לעמלין האָט גלייך געפונען א סך נאָכשלעפּערס, וועלכע האָבען פערשפּרייט זיינע נביאות. אין איטאַליען און דייטשלאַנד האָבען אידען אָנגעפאַנגען צו פאַסטען, זאָגען תפילות און טהיילען נדבות. מען האָט דעם יאהר 1502 א נאָמען געגעבען „תשובה יאהר". מען האָט שוין גערעכענט, אז אָט־אָט קומט מען אין ירושלים. ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געוואָרען פון דיזער קאָבעריי, ווען לעמלין וואָלט ניט פערשוואונדען אָדער געשטאָרבען פלוצלינג. **מען** וויים ניט, וואָס עס איז געוואָרען מיט איהם; נאָר זיין משוגעת איז שנעל אָבגעשטאָרבען מיט איהם. לעמלין האָט געהאַט וועניגער מזל, וויא דער פאַלשער משיח שבתי צבי מיט א 150 יאהר שפּעטער. *)



*) זעה דיא לעבענסבעשרייבונג פון שבתי צבי, אַרויסגעגעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לייברערי פּאָבלישינג קאָמפּאַניע.

## .7

**יהודה לעאָן אברבנאל: דאָקטאָר, אַסטראָנאָם און פּאָעט. — לייבאַרצט פון גאָנזאַלוואָ דע קארדאָווא. — זיינע „דיאַלאָגען איבער ליעבע" אין איטאַליעניש. — זיינע העברעאישע פּאָעזיען צו זיין געטויפטען זוהן.— שמואל אברבנאל: אונטערשטיצער פון רבנים און אידישע ליטעראַטור, פינאַנץ־מיניסטער, בעל צדקה און בעשיצער פון אידען אין נעאַפּעל.— זיין עדעלע פרוי. — פערקעהר מיט קריסטליכע געלעהרטע. — דיא אינקוויזיציאָן אין נעאַפּעל. — זיין פרוי'ס ביטע ביי דעם קייזער קאַרל פאַר דיא אידען. — דיא געצוואונגענע אויסוואַנדערונג פון דיא אידען אויס נעאַפּעל. — שמואל אברבנאל האַנדעלט וויא זיין גרויסער פאטער.**

---

דיא פאמיליע אברבנאל האָט געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין איטאַליען. יצחק אברבנאל זעלבסט איז שוין געווען צו אַלט און שוואַך, ווען ער האָט זיך דאָרטען בעזעצט. דערצו האָט ער נאָך ניט געקענט דיא לאנד־שפּראך. זיינע דריי זיהן אָבער האָבען זיך דערפאר שנעל אויסגעצייכענט.

דער פעהיגסטער און געבילדעסטער פון זיי איז געווען דער עלטסטער, דער אויבען־דערמאָנטער יהודה לעאָן מעדיגא. ער איז זאָגאר געווען פעהיגער פאר זיין פאָטער, יעדענפאלס א פיעל טיעפערער און זעלבסטשטענדיגערער דענקער, נאָר אויף דיא אידען דירעקט האָט ער קיין איינפלוס געהאט, ווייל ער האָט זיך ווייניג בעשעפטיגט מיט תלמודישע חקירות און רבנישע ליטעראטור און ווייל ער איז, נאָך דעם מאסשטאב פון זיין צייט, גערעכענט פאַר א פריידענקער.

אין דער צייט, ווען זיין פאָטער איז אָבגעפאָהרען נאָך דעם אינזעל קאָרפו, איז ער פערבליעבען אין גענוא, וואו ער האָט

פראַקטיצירט מעדיצין. ער האָט אבער ניט פיעל פערדיענט פון זיין פראָפעסיאָן, דען זיין גייסט איז ניט געלעגען אין דער מעדיצין, וועלכע האָט דאַן וועניג געקענט בעפריעדיגען אַ מענשען מיט הויכע פילאָזאָפישע געדאַנקען, זאָנדערן אין מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, פילאָזאָפיע און פּאָעזיע. ער איז געווען בעקאַנט און בעפריינדעט מיט דיא פרייעסטע דענקער פון זיין צייט, דאַרונטער אויך מיט דעם בעריהמטען איטאַליענישען געלעהרטען פּיקאַ־דע־מיראַנדאָלאַ. ער האָט ערפונדען אַ׳ן אַסטראָנאָמישען אינסטרומענט און אָנגעשריעבען אַ בוך איבער „הימלישע האַרמאָניע“, וואָס איז ליידער פערלאָרען געגאַנגען. איבערהויפּט קען מען איהם רעכענען פאַר אַ קינד פון דער רענעסאַנס־צייט, וועלכע האָט דאַן אָנגעפאַנגען אַלץ שאַרפער צו וועקען דיא מוחות פון דעם טיעפען דרעמעל אונטער דעם גייסטיגען שלאָף־טרונק פון דער קאַטאָלישער קירכע.

ווען יהודה לעאָן איז נאָך געווען אין שפּאַניען, האָט ער זיך בעפריינדעט מיט פיעלע גראַנדען. מיר וויסען שוין, אַז מען האָט איהם געוואָלט פערהאַלטען מיט געוואַלט אפילו נאָכדעם, וויא מען האָט אַלע שפּאַנישע אידען ארויסגעיאָגט און אַז דורך דעם איז זיין ערשטער זוהן אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דעם פּאָרטוגעזער קעניג און איז געטויפט געוואָרען. דיזען פערלוסט פון זיין זוהן, וועלכען ער האָט שוין קיין מאָל ניט געקענט זעהן, האָט ער בעקלאָגט זיין גאַנצען לעבען און האַרצרייסענד אויסגעדריקט אין זיינע פּאָעזיען.

דורך זיין בעקאַנטשאַפט מיט שפּאַנישע גראַנדען איז ער געוואָרען דער לייבארצט פון גאָנזאַלוואָ דע־קאָרדאָוואַ, דעם בעריהמטען שפּאַנישען קריעגספיהרער, וועלכער האָט געקראָגען דעם נאָמען „גרויסער קאַפּיטאַן“. אונטער דער קאָמאַנדע פון דיזען קריעגספיהרער, וועלכער איז אויך געווען אַ׳ן עדעלער מענש און פריינדליך צו אידען, האָבען דיא שפּאַניער איינגענומען נעאַפּעל. ער איז געוואָרען דער וויצע־קעניג פון זיד־איטאַליען. וויא נור דיא שפּאַניער זיינען געוואָרען הערשער פון נעאַפּעל, האָט פערדינאַנד־

קאטאָליק בעפוילען, אז מען זאָל פון דאָרטען פעריאָגען דיא אידען. אָבער גאָנזאלוואָ דע־קאָרדאָוואָ האָט ניט אויסגעפיהרט דיזען באַר־באַרישען בעפעהל. ער האָט ערקלערט דעם יודענפּרעסענדען קעניג, אז אין נעאַפּעל זיינען אייגענטליך פערבליעבען וועניג אידען, און אז דיא שטאָדט וועט זעהר פיעל פערליערען דורך זייער אויסווייזונג, ווייל זיי וועלען זיך דאַן בעזעצען אין וועגעציאַ און פערקלענערען דערמיט דעם האַנדעל פון נעאַפּעל.

פערדינאַנד האָט געהייסען איינפיהרען דיא אינקוויזיציאָן, אום צו פערפאָלגען דיא אַנטלאָפענע שפּאַנישע און פּאָרטוגעזער מאַראַנאָס. זיי זיינען זיך דאַרום באַלד צולאָפען אין אַנדערע איטאַליענישע שטעדט. יהודה לעאָן מעדיגאָ איז פערבליעבען אונגעפעהר 2 יאָהר (ביז 1507) אלס דער לייב־אַרצט פון דעם וויצע־קעניג, און ווען פערדינאַנד איז געקומען בעזוכען זיין נייע קעניגרייך, האָט ער איהם געזעהען אין נעאַפּעל. באַלד נאָך דעם קעניגליכען בעזוך, איז גאָנזאלוואָ דע־קאָרדאָוואָ ענטלאָסען געוואָרען, און יהודה לעאָן מעדיגאָ איז געבליבען אָהן בעשעפטיגונג. דאַן איז ער עם אוועקגעפאָהרען נאָך ווענעציאַ, וואו עס האָבען זיך געפונען זיין פאַטער און ברודער יוסף, וועלכער האָט אויך פּראַקטיצירט מעדיצין.

אין אַ קורצער צייט האָט ער אַזוי גוט אויסגעלערנט דיא איטאַליענישע שפּראַך, דאָס זיין בעסטע ווערק „דיאַלאָגען איבער ליעבע" ווערט גערעכענט פאַר אַ מוסטער אין דער איטאַליענישער ליטעראַטור. דאָס איז אַ טיעף־פילאָזאָפישער געשפּרעך צווישען אַ מאַן און אַ פרוי וועגען ליעבע און וועגען דיא העכסטע צוועקען פון לעבען. ער ערקלערט דאָרטען, אַז דער העכסטער צוועק פון לעבען איז ליעבע, דיא שטרעבונג פון איין וועזען זיך צו פעראייניגען מיט דעם אַנדערען. גאָט, זאָגט ער, האָט געשאַפען דיא וועלט מיט ליעבע, און דורך ליעבע פערבינדעט זיך דיא גייסטיגע וועלט מיט דער מאַטעריעלער. דעם מענשען'ס נשמה דאַרף זיך טראָגען מיט ליעבע צו גאָט. ערשט דורך דעם דערגרייכט זיא איהר העכסטע

צוועק, איהר העכסטער גליק. דיא גאַנצע נאַטור ווערט ערלעזער און שעהנער דורך ליעבע פון מענשען צו גאָט.

דיעזער בוך האָט גאַנץ וועניג צו טאָן מיט רעליגיאָן אין דעם געוועהנליכען זינען, אָבוואָהל דער פערפאַסער לויבט דיא אידישע רעליגיאָן און כטאַרעט זיך צו בעווייזען, אז דיא וועלט איז בעשאַפען געוואָרען נאָך דער ביבלישער מעשה בראשית און ניט נאָך דער פילאָזאָפיע פון אריסטאָטעל און איבערהויבט פון דיא גריעכען. יעדענפאַלס האָבען קריסטען מעהר געלעזען און געשעצט זיין ווערק און פילאָזאָפי וויא אידען. דיא געבילדעטע איטאַליענער האָבען שטאָלצירט, וואָס אזא ערהאַבענעס ווערק איז געשריעבען געוואָרען אין זייער שפּראַך. זיי האָבען מיט פערגעניגען געלעזען דיא „דיאלאָגען איבער ליעבע", וועלכען איינער פון זיי האָט אָנגערופען „געטליכער דיאלאָג." אין פערלויף פון 20 יאהר האָט דיזער בוך געהאַט פינף אויפלאַגען. מען האָט איהם באלד איבער־זעצט אין פראַנצויזיש, און דער איבערזעצער האָט איהם געווידמעט צו דער קעניגין מאַריא דע־מעדיטשי. כמעט אין דער זעלבער צייט זיינען ערשיענען איבערזעצונגען אין לאַטייניש און שפּאַניש. דער איבערזעצער אין שפּאַניש איז געווען א איד און האָט דעם בוך געווידמעט דעם שפּאַנישען קעניג זעלבסט.

אויף לשון קודש האָט יהודה לעאָן בעזאָנדערס געשריעבען נעדיכטע צו זיין זוהן, וועלכער איז ערצויגען געוואָרען אין פּאָרטו־גאַל אלס קריסט. אין זיי האָט ער אויסגעגאָסען זיין ביטערע הארץ און האָט איהם געבעטען צו געדענקען, אז ער איז א איד, צו שטודירען דיא העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור און ניט צו פערגעסען אָן דיא הארצקלעמענים פון זיין פאטער און מוטער. וואָס עס איז געוואָרען מיט דיזען געטויפטען אברבנאל, ווייס מען ניט.

יצחק אברבנאל׳ס איננסטער זוהן, שמואל, איז געווען גראדע דער היפוך פון זיין פילאָזאָפישען און פּאָעטישען ברודער. ער איז געווען א גוטער תלמודיסט און האָט גע־שפּיעלט א גרויסע ראָלע צווישען דיא איטאַליע־

נישע אידען. ער האָט שטודירט תלמוד אין דער דאָן בעריהמטער ישיבה פון סאלאָניק און האָט זיך זעהר אויסגעצייכענט דאָרטען. אין פיעלע הינזיכטען איז ער געראטהען געווען אין זיין פאטער, בעזאָנדערס אין זיין פעהיגקייט צו געשעפטען און פינאנצען. א געוויסע צייט איז ער געווען דער פינאנצמיניסטער פון דעם שפאנישען וויצע־קעניג אין נעאפעל און האָט זיך ערוואָרבען א גרויסען פערמעגען. א אידישער פאָעט האָט וועגען איהם געזאָגט: „שמואל אברבנאל איז גרויס אין תורה, אדעלקייט און רייכטהום. מיט זיין רייכטהום איז ער אימער גרויסמוטהיג. ער העלפט זיינע ברידער אין נויט, ערלייזט געפאנגענע, שטיצט יתומים און בעזיצט אלע מעלות פון א נביא.“

זיין הויז איז אימער געווען אָפען פאר אידען, בעזאָנדערס פאר רבנים און תלמודיסטען. ער פלעגט אונטערשטיצען אָרימע תלמודיסטען, אום צו פערשפרייטען דיא אידישע תורה און ליטעראטור.

גראדע וויא זיין פאטער האָט ער זיך אָבגעגעבען צו העלפען זיינע ברידער געגען אונטערדריקונגען און האָט אויך צוזאמען מיט זיי אויסגעוואנדערט פון נעאפעל, ווען מען האָט זיי געצוואונגען צו טראָגען דעם שאנדע־צייכען אויף זייערע קליידער, וויא דאָס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין פיעלע ערטער אין מיטעלאלטער.

אין דיזער בעציהונג, וויא אויך אין צדקה און אין אונטער־שטיצונג פון תלמודיסטען, האָט ער געפונען א ווירדיגע מיט־העלפערין אין זיין עדלער און ליעבליכער פרוי בענווענידא אבארבאנעלא. אלע אידען אין איטאליען האָבען איהר פערעהרט און אויך קריסטען האָבען איהר געאכטעט. בעזאָנדערס בעפריינ־דעט איז זיא געווען מיט דער טאָכטער פון דעם וויצע־קעניג דאָן פעדראָ דע־טאָלעדאָ. דער וויצע־קעניג זעלבסט האָט זיי בעקאנט געמאכט, אום זיין טאָכטער זאָל זיך נעהמען א ביישפיעל פון דער עדלער אידישער פרוי. דיזע פריילין האָט נאכהער חתונה געהאט מיט דעם הערצאָג פון טוסקאניא און האָט גערופען בענווענידא אבארבאנעלא „מוטער“.

אין דער הויז פון דיזער רייכער און עדעלער פּאָאר פלעגען זיך צוזאמענקומען ניט נאָר דיא בעסטע פּאָרשטעהער פון אידען, זאָנדערן אויך פיעלע געלעהרטע קריסטען. דאָרטען האָט מען געלערנט תלמוד און דיא העברעאישע שפּראך, דאָרטען האָבען בעוואוסטע קאבאליסטען געגעבען ערקלערונגען איבער דעם „זוהר“, און דאָרטען זיינען אויך געווען אזעלכע קריסטליכע געלעהרטע, וויא יאָהאן ווידמאנשטאט, א שילער פון דעם בעריהמטען רייכלין, דעם פערטהיידיגער פון תלמוד. דיזער ווידמאנשטאט האָט דאָרטען אויסגעלערנט דיא העברעאישע שפּראך. אנדערע קריסטליכע געלעהרטע זיינען בעקאנט געוואָרען מיט דער קבלה דורך זייער פערקעהר מיט אידען אין אברבנאל׳ס הויז.

אונגעפעהר 40 יאהר האָט שמואל אברבנאל רוהיג געלעבט אין נעאפּעל, העלפענדיג דיא אונגליקליכע מאראנאָס, וויא ווייט ער האָט נאָר געקענט. וויא אויבען שוין בעמערקט האָט פערדינאנד־קאטאָליק איינגעפיהרט דיא „היילינע“ אינקוויזיציאָן, ווען זיין ארמעע אונטער דער קאָמאנדע פון גאָנזאלוואָ דע־קאָרדאָוואָ האָט איינגענומען נעאפּעל. א סך מאראנאָס האָבען זיך גלייך אָבגע־טראָגען אין אנדערע ערטער, וואו דיא שפּאנישע אינקוויזיציאָן האָט זיי ניט געקענט דערגרייכען, אבער דיא וואָס זיינען פערבליבען, האָבען געליטען אלץ גרעסערע צרות.

דיא אינקוויזיטאָרען אין נעאפּעל האָבען פערלאנגט, אז מען זאָל ארויסיאָגען אלע אידען, אום דיא מאראנאָס זאָלען קענען ווערען אמת׳ע קריסטען. זיי האָבען זיך געווענדעט צום קייזער קארל דער 5טער, אז ער זאָל נאכפאָלגען דעם ביישפּיעל פון פערדינאנד און איזאבעלא און פעריאגען דיא אידען פון נעאפּעל. דאן איז בענ־ווענידא אבארבעאנעלא ארויסגעטראָטען אלס בעשיצערין פון איהרע ברידער און שוועסטער. דורך דער מיטווירקונג פון איהר פריינדין, דעם וויצע־קעניג׳ס טאָכטער, איז זיא צוגעקומען צום קייזער און האָט איהם געבעטען ער זאָל ניט אונטערשרייבען דעם אויסוואנדערונגס־בעפעהל געגען דיא נעאפּאָליטאנער אידען, און

דער קייזער האָט ניט געקענט ענטזאגען דיא ביטעס פון דיזע צוויי ערעלע דאמען.

אבער דיא אינקוויזיטאָרען האָבען ניט גערוהט און אזוי לאנג געהעצט ביז זיי האָבען אויסגעפיהרט, אז קארל דער 5טער זאָל אונטערשרייבען א בעפעהל, דאָס דיא נעאפּאָליטאנער אידען זאָלען טראָגען א ספּעציעלען צייכען אויף זייערע קליידער אָדער פערלאָזען דיא נעאפּאָליטאנער פּראָווינץ.

דיא אידען האָבען אויסגעקליבען דאָס לעצטע. שמואל אברבנאל האָט זיי אויפגעמונטערט בעסער אויסצו־וואנדערען איידער צו לאָזען זיך שענדען. ער און אנדערע אידישע פאָר־שטעהער האָבען פאָראויסגעזעהען, אז דיא אינקוויזיציאָן וועט זיך ניט בערוהיגען מיט דיזער גזרה און וועט זיי נאָך ווייטער פערפאָלגען.

נאָר ווען זיי האָבען גענומען אויסוואנדערען, האָט מען ארויס־געלאָזען א בעפעהל, אז זיי מוזען פערלאָזען דיא שטאדט און טאָרען זיך ניט צוריקקעהרען. דאָס איז געשעהן אין 1540. דיא מייסטע זיינען אָבגעפאָהרען נאָך טירקיי, און א טהייל האָבען זיך בעזעצט אין דער איטאליענישער שטאדט פעררארא, וואו עס האָט דאמאלס געהערשט א פּרינץ, וועלכער האָט ניט פערפאָלגט אידען. צווישען דיא אויסוואנדערער, וועלכע זיינען פערבליבען אין פעררארא, איז אויך געוועזען שמואל אברבנאל מיט זיין ערעלער פרוי. דער וויצע־קעניג האָט איהם געבעטען צו פערבלייבען אין נעאפּעל און האָט איהם פערשפּראָכען ספּעציעלע בעשיצונג, אָבער ער האָט ערקלערט אזוי וויא זיין פאטער, דאָס וואו זיינע אונגליקליכע ברידער וועלען זיין, דאָרטען וועט ער אויך זיין.

דיזער ערעלער זוהן פון א'ן ערעלען פאטער האָט געענדיגט זיינע יאהרען אין פעררארא. ער איז געשטאָרבען אין 1550. זיין ווירדיגע פרוי איז געשטאָרבען מיט עטליכע יאהר שפּעטער.

איינינע מיטגליעדער פון דיזער פאמיליע האָבען איבערגעוואנ־דערט נאָך אמסטערדאם אין 17טען יאהרהונדערט.

ענדע

# מעיערבעער

דער אָפּערא קעניג.

זיין לעבען, זיינע אָפּערען און
מוזיקאלישע אויפפטאונגען.



פון פיליפּ קראַנץ

# מעיערבעער.

## איינלייטונג.

### דיא דייטשע אידען און דיא פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן.

דער געניאַלער קאָמפּאָזיטאָר יעקב מעיערבעער איז געבאָרען געוואָרען אין דער צייט, ווען די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט זיך אריבערגעריסען דעם גרענעץ און האָט גענומען שטורמען איבער גאַנץ אויראָפּאַ. די קלאַנגען פון דער מאַרסאַליעזע, וועלכע איז פערפאַסט געוואָרען פון דעם פראַנצויזישען אָפיציער רוזשע דע־ליל צו בעגייסטערן די רעוואָלוציאָנערע ארמעען אין דעם קאַמפף געגען די מלכים און אַלע אונטערשטיצער פון דער מיטעל־אַלטערליכער אָרדנונג, האָבען אַליין מעהר געוועקט די פעלקער און זיי גערופען צו פרייהייט. די אידעען פון פרייהייט, גלייכ־הייט און ברידערליכקייט, וועלכע די רעוואָלוציאָנערע פראַנצויזישע רעפּובליק האָט געזוכט צו פערווירקליכען אין לעבען, האָבען אויפ־גערודערט די גאַנצע וועלט. דער טריקאָלאָר — די דריי־פאַרביגע פאָהן פון דיזער רעוואָלוציאָן אלס סימבאָל פון די אָנגעקינדיגטע פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט פון אַלע מענשען, פעל־קער און ראַסען — האָט אָנגעפאַנגען זיין זיעגרייכען מאַרש איבער אַלע אויראָפּעאישע לענדער.

עס איז געווען די געוואַלדיגע געבורט פון א נייער וועלט אין דעם שוים פון דער אַלטער, א וועלט, וועלכע האָט פערשפּראָכען אזוי פיעל גליקען און וועלכע האָט צוגעצויגען די הערצער פון אַלע אונ־טערדריקטע און ערנידריגטע. עס איז איבריג צו זאָגען, אז די

אידען, וועלכע האָבען אזוי ישרעקליך געליטען אין פינסטערן מי־טעלאַלטער און וועלכע זיינען אין ערגעץ ניט אנערקענט געווען פאר גלייכבערעכטיגטע בירגער, אפילו ווען די פינסטערע וואָלקענס פון קאטאָליציזמוס זיינען צויאָגט געוואָרען דורך די פרייע פילאָ־זאָפיע, רעפאָרמאציאָן און ענטוויקלונגען פון קונסט און וויסענ־שאפט, האָבען בעזאָנדערס סימפּאטיזירט מיט די שטרעבונגען פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן. פאר זיי איז געוועזען אַן אמת'ע ישועה, מען קען זאָגען, משיח'ס צייטען. עס איז גענוג צו וואַרפען א קורצען בליק אויף דער לאגע פון אידען פאר דעם שטורם פון דער באסטיליע און נאכדעם, אום צו פערשטעהן וואָס פאר אַן אונגעהייערע איבערקעהרענים דיזע רעוואָלוציאָן האָט אַרויסגערו־פען ניט נאָר אין די בעציהונגען פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער צו אידען, זאָנדערן אויך אין אידישען פאָלק גופא.

פון די רייהען פון די ניעדערגעשלאָגענע, פערפינסטערטע און אונטערדריקטע אידען האָבען זיך באלד ארויסגעהויבען פיעלע, וועלכע נעמען זיינען וועלטבעריהמט געוואָרען, וועלכע האָבען ניט נאָר געגלאנצט אין קונסט, ליטעראטור און פילאָזאָפיע, זאָנדערן האָבען אויך בעזאָנדערס קרעפטיג פערקערפערט אין זיך די פרייהייטליכע שטרעבונגען פון דער נייער צייט. ספּעציעל האָבען אויפגעלעבט די אידען אין דייטשלאנד אונטער דער פרייהייטס־גלאָקע, וועלכע האָט אָבגעקלונגען פון פראנקרייך. דערצו זיינען זיי פאָרבערייטעט גע־ווען דורך די טהעטיגקייט פון משה מענדעלסזאָהן און לעססינג *) דער אָנפאנג פון 19טען יאהרהונדערט איז געווען די גלענצענדסטע רענעסאנס (אויפלעבונג)־צייט פון דייטשע אידען, זייער גייסטיגער תחית המתים. פון פערשפּרייטער פון תלמוד און בלינדע אָרטאָדאָקסיע, ווי זיי זיינען געווען אין מיטעלאלטער, זיינען זיי געוואָרען די פערשפּרייטער פון אייראָפּעאישע בילדונג און השכלה צווישען זייערע ברידער אין הינטערשטעליגע לענדער. דער פריי־

*) זעהט זייערע ביאָגראפיען, ארויסגעגעבען פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער לייברערי פּאָבלישינג קאָמפּ.

הייטס־גייסט, וועלכער איז איינגעפלאַנצט און איינגעוואָרצעלט געוואָרען דורך די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, האָט געפונען אין זיי די טרייעסטע, גלענצענדסטע און איינפלוסרייכסטע קעמפּפערס. מיט זייערע געניאַלע קעפּ און מעכטיגע פעדערס האָבען זיי גע־האָלפען צו צוטרייסלען די זיילען פון דער אַלטער געזעלשאַפט און אויפצושטעלען די זיילען פון דער נייער געזעלשאַפט.

איינער פון דיזע מערקווירדיגסטע זשעניען, וועלכע זיינען אין יענער צייט ארויס פון די דייטשע אידען, איז יעקב מעיערבעער. דאָס וואָס היינע איז געווען אין דער פּאָעזיע, בערנע אין דער פּובלי־ציסטיק, דאָס איז ער געווען אין דער מוזיק, בעזאָנדערס אין דע־אָפּערן־מוזיק. ער איז געווען, קען מען זאָגען, א רעוואָלוציאָנער אויף דעם מוזיקאַלישען וועג, ניט נאָר ווייל ער האָט מיט זיין גלענ־צענדען זשעניע איינגעפיהרט פיעלע וויכטיגע ענדערונגען אין אָפּע־רעס, זאָנדערן ווייל ער האָט זיי געדיכטעט, ווי אַ מענש מיט אַ פרייען גייסט, ווי א מענש, וואָס האָט זיך אָבגעטרייסעלט פון פאָר־אורטהיילע, ווי א וועלטמענש צו דער גאַנצער וועלט.

ריכאַרד וואַגנער און אַנדערע אַנטיסעמיטישע מוזיקאַנטען האָבען איהם בעשולדיגט, דאָס אין זיינע קאָמפּאָזיציאָנען האָט ער אריינגעצויגען אידישע מעלאָדיען; אָבער דאָס איז ניט ריכטיג. מעיערבעער איז אייגענטליך נאָר געווען אַ איד מיט'ן נאָמען. די אומשטענדען, אונטער וועלכע ער איז ערצויגען געוואָרען, האָבען גאַנץ ווייניג געקענט פיהרען צו דער ענטוויקלונג פון אידישע גע־פיהלען און שטרעבונגען אין איהם. עס איז איבערהויפּט געווען די צייט, ווען די געבילדעטע אידען האָבען זיך געוואָלט וואָס ענגער אסימילירען מיט די פעלקער, צווישען וועלכע עס איז זיי אויסגע־קומען צו לעבען. אין דעם ענטהוזיאזמוס, וואָס די ניי־געבאָרענע פּאָליטישע פרייהייטען האָבען ארויסגערופען, האָט מען פערגעסען אָן די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע פּאַראורטהיילע, וועלכע האָבען שפּעטער געפונען א ביטערן און זעהר טרויעריגען אויסדרוק אין אַנ־טיסעמיטיזמוס. מען האָט דאַן געטרוימט, אז עס איז גאָר נאָ־הענט די צייט, ווען אַלע מענשען וועלען זיין פריי און לעבען ווי

ברידער, ווען קאָסמאָפּאָליטיזמוס וועט פערנעהמען דעם פּלאַץ פון נאַציאָנאַליזמוס.

דאָס זיינען געווען די קינדער־יאהרען פון פּאָליטישע פרייהייטען. עס האָט געשיינט, אז מען דארף נאָר זיי איינפיהרען, אום עס זאָל קומען א סוף צו אַלע אלטע צרות און פּאַראורטהיילע; עס האָט זיך געדוכט, אז עס איז גענוג צו ערקלערען רעליגיעזע פרייהייט, אום עס זאָל ווירקליך הערשען טאָלעראַנץ; עס האָט זיך געדוכט, אז מען דארף נאָר ערקלערען פּרעס־פרייהייט, פערזאמלונגס־פרייהייט און גלייכהייט פון יעדען מענשען פאר'ן געזעץ, אז אלע זאָלען געהאָלפען ווערען, אז אלע זאָלען זיין צופריעדען, אויב ניט גליקליך אויף דיזער זינדיגער וועלט. זעהר וועניגע האָבען דאַן פּאַראויסגעזעהן די ביטערע ענטטוישונגען פון די נעכסטע דורות, ווען פּאָליטישע פרייהייטען זיינען שוין ערוואָרבען געוואָרען נאָך בלוטיגע קעמפּפע און ווען מען האָט געמוזט אָנפאַנגען א קאמפּף אויף פיר עקאָנאָמישע גלייכהייט.

דער קלאָס אידען, צו וועלכען מעיערבעערס עלטערן האָבען געהערט, זיינען געווען בעזאָנדערס פערבלענדעט מיט אזעלכע האָפנונגען. זיי זיינען געווען זיכער, אַז די צייטען פון אינטאָלעראַנץ, פון יודענפערפאָלגונגען זיינען פּאַראיבער. זיי האָבען דארום געפּרעדיגט אַסימילאַציאָן ביז צו די ווייטעסטע גרענצען און האָבען אַזוי ערצויגען זייערע קינדער, אַז אויסער אידישע נעמען איז ביי זיי גאָר נישט געבליעבען פון יודענטהום. א טהייל האָבען זיך איינפאך געטויפט, אום זייער אסימילאַציאָן זאָל זיין אַ פּאָלשטענדיגע.

מעיערבעער האָט ניט דורכגעמאַכט דיעזע אַסימילאַציאָנס־טויפע, ווי מענדעלסזאָהן־באַרטהאָלדי, דער אַנדערער אידיש־דייטשער מוזיקאַלישער זשעניע, נאָר אין אלע הינזיכטען איז ער געווען א קינד פון זיין צייט און פון זיין קלאָס, ווי מיר וועלען עס זעהען אין די נעכסטע קאפּיטלען.

.1

## זיין פאמיליע און ערציהונג.

זעלטען ווען עס טרעפט, אז א זשעניע ווערט געבארען אין א נאלדענע העמדעלע. געוועהנליך איז די נויט זיין צווייטע מוטער, און ער מוז פיעל ליידען אין זיינע יונגע יאהרען איידער איהם געלינגט זיך דורכצוברעכען א וועג אין דער גרויסער וועלט און צו צייגען וואס ער קען. ניט איין זשעניע איז פריהצייטיג אריינגעיאגט געווארען אין קבר אדער איז צו גרונדע געגאנגען אין דעם שווערען און ביטערען קאמפף מיט ארמוטה און אונוויסענהייט. מיר ווייסען נאר פון די טאלענטען און זשעניען, וועלכע זיינען אין שטאנד בייצוקומען אלע שטערונגען אויף זייער וועג און ווערען בעריהמט; אבער פון די געפאלענע, צובראכענע, בעזיעגטע — ווער ווייס פון זיי אויסער זייערע נאהענטסטע קרובים און פריינד?

מעיערבעער איז ערשיענען אויף דער וועלט אונטער א גליקליכען שטערן. ער איז געווען דאפעלט מזל'דיג. ניט נאר האבען זיינע עלטערן געהערט צו די רייכסטע אידישע פאמיליען אין בערלין, זאנדערן זיין מוטער איז געוועזן א זעלטען עדעלע און הויך־געבילדעטע דאמע. אין דיזער בעציהונג קען זיך מיט איהם פערגלייכען נאך איין אידישער זשעניע, אויך א מוזיקאנט — מענדעלס־זאהן־בארטהאלדי.ביידע האבען פערבראכט אזא גליקליכע יוגענד, ווי נאר קינדער פון זעהר רייכע עלטערן קענען עס האבען. קיין זאך האט זיי ניט געפעהלט, קיין זאך איז ניט שווער געוועזן צו שאפען פאר זיי, אבי זיי זאלען קענען ענטוויקלען זייערע איינגעבארענע טאלענטען און זיך אבגעבען מיט לייב און זעעלע צו זייער געליעבטע קונסט. מענשען מיט מיטעלמעסיגע פעהיגקייטען און געוועהנליכע טאלענטען וואלטען געקענט ווערען גרויס

אונטער אזעלכע העכסט גינסטיגע אומשטענדען, בפרט נאָך זשעניען.

מעיערבעער'ס פאטער איז געווען א באנקיר און דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ גרויסע צוקער־פאַבריק. דער פאמיליען־נאָמען איז געווען בעער, אָבער מען האָט געמוזט צוזעצען דעם נאָמען מעיער נאכדעם וויא א רייכער פערוואנדטער, אַ געוויסער מעיער, איז גע־שטאָרבען, איבערלאָזענדיג זיין פערמעגען מיט דער בעדינגונג, אז זיין נאָמען זאָל פערבונדען ווערען מיט דער פאמיליע בעער. מע־יערבעער'ס פאָטער איז אלזאָ נאָך רייכער געוואָרען דורך די ירושה. וואָס אנבעלאנגט צו זיין מוטער, איז זי געווען די טאָכטער פון דעם רייכסטען בערלינער איד, ליפמאַן מעיער וואָלף, און האָט זיך אויס־געצייכענט מיט איהר בילדונג, שעהנהייט און פילאנטראָפּיע.

אין זייער הויז פלעגען זיך צוזאמענקומען די גרעסטע קינסט־לער, שרייבער און געלעהרטע פון בערלין. זיי האָבען געהערט צו דעם נייעם דור און האָבען מייסטענס געזוכט צוצוציהען פרייגעזאָ־נענע קריסטען. וועגען מעיערבעער'ס מוטער שרייבט היינריך היינע, וועלכער האָט בעזוכט איהר רייכען סאלאָן, אזוי: „עס געהט ניט אַוועק אַ טאָג, אז זי זאָל ניט העלפען אַן אָרימאַן. עס שיינט אזוי ווי זי קען ניט רוהיג איינשלאָפען אָהן צדקה. זי שטיצט יעדען איינעם, אידען, קריסטען, טערקען און אפילו אונגלויביגע פון דעם ניעדריגסטען סאָרט. זי איז אונערמיעדליך אין וואָהלטהעטיגע זאַכען און בעטראַכט עס הפנים אלס דעם העכסטען ציעל אין איהר לעבען."

בעזאָנדערס האָט זי, ווי אויך איהר מאַן, וועלכער איז געווען א ליידענשאַפטליכער ליעבהאָבער פון מוזיק, געשטיצט מוזיקער און פּאָעטען. זייער הויז, קען מען זאָגען, איז געווען פול מיט מו־זיק, זאָ דאָס דער צוקינפטיגער קאָמפּאָזיטאָר פון „הוגענאָטען" האָט פון זיינע אינגסטע יאָהרען, פשוט גערעדט, זיך געבאָדען אין מוזיק. מען האָט איהם נאַטירליך געגעבען די בעסטע ערציהונג, וואָס רייכטהום אין א גרויסער ציוויליזירטער שטאָדט קען צושטע־לען. זיין מוטער פלעגט אליין גוט און קלוג אויספּאַסען אויף די

**ערציהונג פון איהרע קינדער. זי איז קיינמאָל ניט געווען אזוי** פערטאָן אין מאָדעס, בעלער און אַלע אנדערע פערגניגענס פון רייכע און אריסטאָקראטישע דאמען, אז זי זאָל פערגעסען אָן איהרע פפליכטען צו איהרע קינדער, וועלכע זיינען אלע געווען געראָטענע.

יעקב מעירבעער, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין 1791, איז געווען דער עלטסטער זוהן. פון זיינע דריי ברידער האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט ווילהעלם אלס מאטעמאטיקער און אסטראָנאָם. דער לעצטער האָט זיך אויסגעבויט אין זיין פאָטער'ס הויז אָן אָבסערוואטאָריע, וואו ער האָט זעהר פלייסיג געלערנט און געשריעבען די רעזולטאטען פון זיינע אָסטראָנאָמישע בעאָבאכטונגען. דער אינגסטער ברודער מיכעל האָט געהאט אַ זעהר פּאָעטישע נאטור. נאָך אלס אינגעל האָט ער ארויסגעצייגט גרויס טאלענט אין דיכטונגען. אבער ליידער איז ער געשטאָרבען יונגערהייט פון אַ היצקריינק. אויף איינע פון זיינע בעסטע פּאָעמען, „סטרוזענע“, האָט יעקב מעירבעער נאכהער אָנגעשריבען מוזיק. דערמיט האָט ער אויך אונשטערבליך געמאכט זיין ברודער.

ווי דאָס איז געוועהנליך דער פאל מיט זשעניען, האָט מעירבעער בעזאָנדערס ליעב געהאט זיין מוטער. ער האָט איהר איינפאך פערגעטערט. אפילו ווען ער איז שוין געווען אַן עלטערער מאן, פלעגט ער קיין וויכטיגע זאך ניט אונטערנעהמען אָהן איהר ראטה און צושטימונג. איהר הסכמה אויף זיינע ווערק האָט ער געשעצט מעהר פון אלעס. איין בריעף איהרען, אין וועלכען זי האָט איהם געוואונשען ערפאָלג, ווען מען האָט אויפגעפיהרט זיין אָפּערע „ראָבערט דער טייוועל“, פלעגט ער שטענדיג ארומטראָגען מיט זיך אזוי ווי אַ קמעה.

זעהר יונג האָט מעירבעער ארויסגעוויעזען אַ מערקווירדיגען מוזיקאלישען טאלענט. ווי נור מען האָט איהם געצייגט צו שפּיעלען אויף דער פּיאנאָ, האָט ער גלייך אָנגעפאנגען צוצוקלייבען טענער צו די מאָטיווען, וועלכע ער האָט געהערט, און פלעגט נאָך אליין צוזאמענשטעלען אַן אקאָמפּאנימענט. ווען ער איז אלט געווען פיער יאהר, האָט ער צוזאמענגעשטעלט פון זיינע דברים אַ מין

אָרקעסטער, וועלכען ער פלעגט דיריזשירען און פאר וועלכען ער פלעגט זאָגאר פערפאסען אייגענע מוזיק. מיט זיינע מערקווירדיגע מוזיקאלישע פעהיגקייטען האָט ער אלעמען איבערראשט, און זיינע עלטערן האָבען גלייך בעשלאָסען איהם צו געבען א גרינדליכע מוזיקאלישע ערציהונג. מען האָט איהם באלד איבערגעגעבען אין די הענד פון דעם בעוואוסטען מוזיק־לעהרער פראנץ לאוסק. אונטער די לייטונג פון דיזען לעהרער האָט ער געצייגט ווירקליך וואונדער. זיין זשעניע האָט זיך ארויסגעצייגט אזוי פריהצייטיג ווי ביי מאָצארט׳ן, וועלכער ווערט גערעכענט פאר דעם גרעסטען מוזיקאלישען זשעניע. ווען ער איז געוואָרען זיעבען יאָהר אלט, האָט ער שוין געשפיעלט ווי א קינסטלער און האָט אויך ערשטוינט מוזיקער מיט זיינע קאָמפּאָזיציאָנען.

צו ניין יאָהר איז ער ארויסגעטראָטען אין אן עפענטליכען קאָנצערט. ער האָט געשפּיעלט, צווישען אנדערע שטיקער, אויך מאָצארט׳ס קאָנצערטען, און אלע צייטונגען זיינען פול געווען מיט איהם אלס א וואונדער־קינד. די גרעסטע קריטיקער האָבען ערקלערט, אז אין איהם וואקסט איינער פון די גרעסטע מוזיקער וואָס עס איז ווען געבאָרען געוואָרען. דאָס פּובליקום איז ענטציקט געווען פון זיין שפּיעלען אויף דער פּיאַנאָ און פלעגט איהם אויפנעהמען מיט בעגייסטערונג. דער יונגער פּיאניסט האָט געמאכט אזעלכע גלענצענדע פּאָרטשריטע, דאָס ער האָט איבערשטיגען זיינע לעהרער, און מען האָט איהם איבערגעגעבען אין די הענד פון דעם דאמאָלס בעריהמטען מוזיקער קלעמענטי. דער גלח פאָגלער, וועלכער האָט געהאט א שם אלס א מוזיקאלישער טעאָרעטיקער און זיך איינגעצייכענט אלס דירעקטאָר פון א מוזיק־שולע אין דארמשטאדט, האָט גענומען דעם קליינעם קינסטלער אויפ׳ן פערהער, ווען ער איז אָנגעקומען אין בערלין, און האָט נאכהער געזאָגט צו איהם: „איב איהר וועט זיין פלייסיג און וועט ניט אויפהערען צו ארבייטען, וועט איהר ווערען איינער פון די בעריהמטעסטע מענשען אין אייראָפּא.“ דער גלח האָט איהם אויך רעקאָמענדירט א גוטען לעהרער פון מוזיקאלישע טעאָריע. אזוי ווי געלד האָט ניט געפעהלט,

זיינען די שווייריגקייטען נאָר בעשטאַנען אין קריגען אמת גוטע לעהרער. זיין מוזיקאַלישע ערציהונג האָט געקאָסט די רייכע על־טערן אוצרות, אָבער זייער געלד איז ניט געווען ארויסגעוואָרפען. זיי האָבען געוואוסט, אז זייער קינד איז א מוזיקאַלישער זשעניע, און האָבען זיך געסטאַרעט, אז ער זאָל זיך וואָס בעסער און שנעלער ענטוויקלען און ברענגען די בעסטע פריכטע.

זיין דיכטונגס־קראַפט איז אויך אזוי שנעל געשטיגען ווי די טעכניק פון זיין פיאַנאָ־שפּיעלען. צו צעהן יאָהר, ווען ער האָט נאָך ניט געלערנט די רעגעלן פון קאָמפּאָזיציאָן, האָט ער אָנגעשריעבען צוויי קאנטאטען לכבוד דעם געבורטסטאָג פון זיין פאָטער. אין דער צייט, ווען ער פלעגט שפּיעלען, פלעגט ער אויך אָפט קאָמפּאָנירען און נאכהער עס פערשרייבען, זאָ דאָס ווען ער איז אלט געווען צוועלף יאָהר, האָט ער שוין געהאַט פערפאסט א סך מוזיקאַלישע שטיקער.

אין דער צייט, ווען מען האָט איהם אויף דער בעסטער ארט צוגעגרייט צו זיין מוזיקאַלישע קאַריערע, האָט מען איהם אויך געגעבען אַן אויסגעצייכענטע אלגעמיינע בילדונג. די בעסטע לעה־רער האָבען איהם געגעבען אונטעררריכט אין שפּראַכען, געשיכטע, מאַטעמאַטיק, פיזיק, א. ז. וו. ווען ער איז עלטער געוואָרען, האָט מען מיט איהם שטודירט די געשיכטע פון ליטעראַטור און די ווערק פון קלאַסיקער. אזוי ווי ער איז געווען א פלייסיגער אינגעל און האָט אויך געשטרעבט צו קענען וואָס מעהר, בעזאָנדערס שפּראַכען, האָט ער ניט נור אויסגעלערנט די פראַנצויזישע און איטאַליענישע שפּראַכען אזוי ווי דייטש, זאָנדערן האָט אויך פריי געקענט לעזען לאטיין, גריכיש און העברעאיש. מען האָט געהאַלטען פאַר איהם און אויך פאר זיינע ברידער א בעקאַנטען אידישען לעהרער, אָבער ניט אזוי אום זיי זאָלען ערלערנען די אידישע רעליגיאָן, ווי די העברעאישע שפּראַך, און איבערהויפּט ניט פערגעסען, אז זיי שטאַ־מען פון אידען. אין דעם איז אייגענטליך בעשטאַנען מעיערבעער׳ס יודענטהום. אזוי ווי ער האָט געקענט א סך שפּראַכען, איז ער אין שטאַנד געווען צו לעזען די קלאַסיקער און די ווערק פון די בעסטע

שרייבער אין אָריגינאַל, וואָס עס האָט איהם שפּעטער זעהר פיעל געהאָלפען, ווען ער האָט געלעבט אין איטאַליען און פראנקרייך און ווען ער האָט זיך אַ נעהם געטאָן צו אָפּערעס.

ער איז געווען זעהר בעלעזען אין דער געשיכטע און ליטעראַטור פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער, און אין געשפּרעכען האָט ער ארויסגעוויעזען אַזוי פיעל קענטניסע, אז די צוהערער פלעגען איהם בעוואונדערען. אין דיעזער בעציהונג איז ער געווען, קען מען זאָגען, אַ זעלטענהייט צווישען מוזיקאַנטען. געוועהנליך האָבען מוזיקאנטען ווייניג צייט צו שטודירען אַנדערע זאכען אויסער דאָס, וואָס געהערט צו זייער פּראָפעסיאָן. אויסער דעם האָבען זיי אויך ניט די מיטלען צו ערלערנען שפּראכען און איבערהויפּט צו ווערען געבילדעטע לייט אין פולען זינען פון דיזען וואָרט. דער גרעסטער טהייל פון מוזיקער זיינען ליידער גאַנץ ווייניג געבילדעט, ניט זעלטען איינפאַך אונוויסענדע מענשען, וואָס קענען גאָר ניט אויסער זייערע נאָטען און אינסטרומענטען. די אָרימע פון זיי, און זיי זיינען מייסטענס קינדער פון אָרימע עלטערן, האָבען נעביך גענוג צרות איידער זיי קענען עפּעס דערגרייכען אין זייער פּראָפעסיאָן. מיט דער הילפע פון זיין פאָטער'ס געלד, וואָס עס האָט איהם בעפרייט פון אירגענד וועלכע זאָרגען, איז מעיערבעער ניט נור געוואָרען אַ גרויסער מוזיקאנט און קאָמפּאָזיטאָר, זאָנדערן אויך אַ העכסט געבילדעטער מאַן.

אין 1810 האָט מען איהם געשיקט אין דער דאַמאָלס בעריהמטער מוזיק־שולע פון דעם גלח פאָגלער אין דארמשטאדט. דאָס איז געשעהען נאכדעם, ווי ער האָט אָנגעשריעבען אַ פוגע (דאָס איז אַ געוויסע קאָמפּאָזיציאָן וואָס ווערט גערעכענט פאר זעהר אַ שווערע אין דער מוזיקאַלישער קונסט). זיין לעהרער פון הארמאָניע איז אַזוי ענטציקט געוואָרען פון דיזער פוגע, דאָס ער האָט איהר אריבערגעשיקט צום גלח פאָגלער, אום צו צייגען וואָס פאר אַ גוטער לעהרער ער איז. אַ לענגערע צייט האָט דער גלח ניט געענטפערט, און דער לעהרער האָט געמיינט, אז דאָס קומט דורך דעם, וואָס דער גלח איז איהם מקנא אזא גוטען שילער, אָבער דער גלח האָט דיעזע

צייט בענוצט אָנצושרייבען א גאנצע ערקלערונג, ווי מען דארף שרייַ־
בען פוגעס נאָך דער טהעאָריע, און האָט דערביי אָנגעצייגט אויף
אלע פעהלער, וועלכע מעיערבעער האָט געמאכט. דער לעהרער, וועל־
כער איז געוועזן א שוואכער טהעאָרעטיקער, איז דאן געוועזן אויסער
זיך פון ערגערניס; אָבער מעיערבעער האָט מיט פריידע געלעזען און
איבערגעלעזען דעם גלח'ס ערקלערונגען, האָט יעדען פונקט קריטיש
בעטראכט און אויספּרובירט ביז ער איז אימשטאנד געוועזן אָנצו־
שרייבען א פוגע נאָך אלע רעגעלען. דיזע פוגע האָט ער אליין גע־
שיקט צום גלח און האָט געקראָגען פאָלגענדע אנטוואָרט: „קומט
צו פאָהרען צו מיר. איך וועל אייך אויפנעהמען ווי א זוהן און וועל
אייך העלפען צו שעפּען קענטניסע פון די ריכטיגע קוואלען פון ווי־
סענשאפט.“

זיינע עלטערן האָבען איהם אָנפאנגס ניט געוואָלט שיקען נאָך
דארמשטאדט, אָבער אייגענטליך ניט ווייל זיי איז ניט געפעלען גע־
וועזן, דאָס זייער זוהן זאָל לערנען אין א קאטוילישער שולע; זאָנ־
דערן איינפאך, ווייל זיי האָבען איהם צו שטארק געליעבט צו שיי־
דען זיך מיט איהם אפילו אויף א קורצע צייט. נאָר ער איז אזוי
צוגעשטאנען צו זיי, אז זיי האָבען געמוזט נאָכגעבען זיין וואונש.

אין דיזער שולע האָט מעיערבעער ניט נאָר פלייסיג געלערנט,
ווי צו שרייבען קאָמפּאָזיציאָנען, אלע קונצען פון קאָנטראַ־פּונקט
און פוגע, זאָנדערן האָט זיך אויך בעפריינדעט מיט זיינע קריסטלי־
כע חברים. ער איז ניט געוועזן דער איינציגער מוזיקאלישער
זשעניע אין דיזער שולע, וואוהין די בעסטע טאלאנטען פלעגען קו־
מען לערנען פון אלע עקען דייטשלאנד. דאָרט האָט שטודירט קאָרל
וועבער, וועלכער האָט זיך בעזאָנדערס אונישטערבליך געמאכט מיט
זיין אָפּערע „פריישיץ“. ביידע צוקינפטיגע בעריהמטהייטען האָבען
זיך זעהר בעפריינדעט. וועבער איז אויך געוועזן א פּאָעט און האָט
איינמאָל אָנגעשריעבען א געדיכט לכבוד זייער לעהרער'ס געבורטס־
טאָג, און צוזאמען מיט מעיערבעער'ן האָט ער פערפאסט די מוזיק
דערצו. אויסער זיי זיינען נאָך אין דער שולע געוועזן עטליכע אנ־
דערע זעהר טאלאנטפאָלע שילער, וועלכע האָבען זיך שפּעטער ער־

וואָרבען גרויסע נעמען אין דער מוזיקאלישער וועלט. אלע שילער האָבען זעהר ליעב געקראָגען זייער איינציגען אידישען חבר ניט נאָר פאר זיין סימפּאטישען כאראקטער, זאָנדערן אויך פאר זיין גוטסקייט. ער איז געווען דער איינציגער גביר צווישען זיי און פלעגט זיך ברידערליך טהיילען מיט זיי, ווען ער פלעגט קריעגען קאָנפעקטען און אנדערע נאַשערייען פון זיינע עלטערן. אויך פלעגט ער זיי אויסבאָרגען זיינע ביכער. אין דיזער שולע האָט ער געקענט אין גאנצען פערגעסען, אז ער איז א איד, נאָר שפּעטער, ווען ער איז ארויסגעטראָטען אויף דער וועלט־ביהנע מיט דעם גרעסטען גלאַנץ, האָט מען עס איהם ניט איין מאָל זעהר עמפּפינדליך דערמאָנט.

געלערנט האָט מען דאָרטען נאָר מוזיק. די לעהר־צייט פלעגט זיך אָנהויבען מיט א קאטוילישען מאָרגען־געבעט. דער גלח פּאַגלער פלעגט פראווען די צערעמאָניע מיט די הילפע פון זיין שילער וועבער. נאכהער פלעגט ער זיי געבען אויפגאבען צו שרייבען קאָמפּאָזיציאָנען אויף קאַטוילישע תפילות, ווי „סאנקטוס“, „אווע מאריא“, „קיריע עלעיסאָן“, א. ז. וו. יעדען זאָנטאג און יעדען פעסט־טאָג פלעגען אלע שילער זיך צוזאמענקלייבען אין דער קאטהעדראל־קירכע, וואו דער גלח פלעגט אָנשפּיעלען מאָטיווען אויף איין אָרגאַן און די שילער פלעגען ענטוויקלען דיזע מאָטיווען און מאכען וואריאציאָנען נאָך זייער געשמאַק. דאָ האָבען אזעלכע זשעניען ווי מעיערבעער און וועבער געקענט ארויסצייגען זייער קראפט און לאָזען פליהען זייערע רייכע פאַנטאזיעס. איין שילער האָט געזוכט איבערצושטייגען דעם אנדערען אין קענטשאפט און אָריגינאליטעט. א מוזיקאנט, וועלכער האָט בעשריעבען דיזע שולע, בעמערקט וועגען דיזע מוזיקאלישע געפעכטען פאָלגענדעס: „ווען דיזע גלענצענדע יונגע מוזיקער פלעגען זיך א לאָז טאָן פריי צו פאַנטאזירען נאָך זייער פּאָעטישער בעגייסטערונג, זוכענדיג אלץ קלינגענדערע מעלאָדיען און קינסטליכערע וואַריאַציאָנען, פלעגט דער גוטער לעהרער בלייבען זיצען ווי א צוגעשמידעטער. ער האָט שוין ניט דערקענט אין זיי זיינע געהאָרכזאַמע שילער. ער האָט זיך ניט געביי־זערט, נאָר איז געווען אומעטיג, ווייל זייער שפּיעלען האָט אָנגעהויזען

אויף אזעלכע קוועלען פון פּאָעטישע בעגייסטערונג, אוים וועלכע ער אַליין האָט ניט געקענט שעפּען. ער האָט פערשטאַנען, אַז זיי זיינען מעהר פון איהם בענאַבט פון דער נאַטור און ער מוז בלייבען אויף דעם שוועל, וואו עס עפענט זיך פאר זיינע שילער א גלענצענדער און בליהענדער וועג."

אין פערלויף פון צוויי יאָהר, וואָס מעיערבעער האָט פערבראכט אין דיזער שולע, האָט ער אויסגעלערנט די גאנצע מוזיקאַלישע תורה און איז פערטיג געווען ארויסצוטרעטען אַלס מייסטער פאר דעם גרויסען פּובליקום. צו פיערצעהן יאָהר האָט ער אַלזאָ גרינדליך אויסגעלערנט די קונסט פון מוזיקאלישע קאָמפּאָזיציאָנען; איהם איז נאָר געבליעבען צו פּראקטיצירען און דיכטען נאָך זיין טאַלענט און געשמאַק.



.2

## זיינע ערשטע קאָמפּאָזיציאָנען און אָפּערעס און זיין פּיאַנאָ־שפּיעלען.

ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרט מוזיק, פאַר וועלכער ער איז ווי געשאַפען געוואָרען, נעמליך: צו אָפּעראַס. עס האָט איהם געצויגען צו דראַמע, צו דער טהעאַטער ביהנע. ער האָט זיך אַזוי אָבגעגעבען צו אָפּעראַס, דאָס ער האָט געשריעבען פערהעלט־ניסמעסיג גאַנץ וועניג אנדערע קאָמפּאָזיציאָנען. אין פערגלייך מיט די שוואכסטע פון זיינע אָפּערעס, זיינען די מייסטע פון זיינע אַנדערע קאָמפּאָזיציאָנען גאַנץ געוועהנליכע ווערק.

נאָך זייענדיג אין פּאָגלער׳ס שולע האָט ער קאָמפּאָנירט אַ׳ן אָפּערע אונטער דעם נאָמען „פּראָצעס". אין אונגעפעהר דער זעל־בער צייט האָט ער אָנגעשריעבען די קאַנטאַטע „גאָט און נאַטור", וועלכע איז מיט גרויס ערפאָלג אויפגעפיהרט געוואָרען אין דאַרמ־שטאדט. מען האָט איהם דערפאַר בעעהרט מיט דעם טיטול האָף־קאָמפּאָזיטאָר פון דעם דאַרמשטאַטער הערצאָג. אַזוי ווי אין דעם גלה׳ס שולע האָט ער בעזאָנדערס פּראַקטיצירט אין רעליגיעזע מוזיק, זיינען זיינע ערשטע ווערק געשריבען געוועזען אין דיזען גייסט. ער האָט זיך געפּטאַרעט נאָכצופאָלגען די טהעאָרעטישע רעגעלען און די טרוקענע סיסטעם פון זיין לעהרער, נור זיין זשעניע האָט זיך אָפּט געגען זיין ווילען הערבערגעריסען און האָט אריינגעהויכט אַ דראַמאַטישען עלעמענט.

אין אלע זיינע ערשטע קאָמפּאָזיציאָנען, ביז וואַנען ער איז אַוועק נאָך איטאַליען, דאָס לאַנד פון מעלאָדיישע און דראַמאַטישע מוזיק, האָט ער זיך ארויסגעוויזען אַלס פּאָגלער׳ס שילער. ער איז געוועזען איינגעשלאָסען אין די רעגעלען פון קאָנטראַ־פּונקט און אין דער קאַטוילייש־רעליגיעזער מוזיק ווי הינטער אייזערנע גראַטעס. דארום

האָבען זיינע קאָמפּאָזיציאָנען וועניג ערפאָלג געהאט, ווען איהם איז אויסגעקומען זיי אויפצופיהרען פאַר'ן פּובליקום אין קאָנצערט־זאאלען אָדער אין טהעאַטערס.

זיין ביבלישע אָפּערע „יפתח'ס נדר" איז געשפּיעלט געוואָרען אין מינכען. זיינע שול־חברים און נאָהענטע פריינד זיינען געווען ענטציקט פון איהר, אָבער זי איז דאָך דורכגעפאלען, אָבוואָהל ער אליין האָט געמאכט רעפּעטיציעס מיט די ארטיסטען און דירי־זשירט דעם אָרקעסטער, ווי אויך ניט געזשאַלעוועט קיין געלד אויף גוטע דעקאָראציאָנען און סצענישע עפעקטען. די גרויסע קאַסע פון זיינע עלטערן איז געווען אָפען פאַר איהם און ער האָט דאַרום געקענט גלייך אויפפיהרען זיינע אָפּערעס, וועהרענד כמעט אלע אנדערע קאָמפּאָזיטאָרען האָבען לאנג געמוזט נאָכלויפען די טהעאַטער־דיי־רעקטאָרען און זיך איינבעטען ביי די ארטיסטען ביז זייערע ווערק האָבען דערלעבט צו זעהען דעם שיין פון דער ביהנע.

מעיערבעער האָט זיך נאַטירליך געערגערט, וואָס זיין אָפּערע האָט גאָר ניט אויסגענומען. ער האָט ניט פערשטאַנען, וואָרום דאָס איז אזוי און האָט בעשלאָסען, אז די שולד איז געלעגען אין א שלעכטער ליברעטאָ. ער האָט זיך דאַרום געווענדעט צו איי־נעם פון די בעסטע ליברעטיסטען אין דייטשלאַנד און האָט אָנגע־שריבען א נייע אָפּערע. אבער שוין ניט אויף א ביבלישען סיוזשעט, זאָנדערן אויף איינע פון די געשיכטען פון „טויזענד און איין נאכט". די ליברעטאָ איז געווען זעהר א לעבעדיגע, גייסטרייכע, פול מיט וויצען, און מעיערבעער האָט זיך אָנגעשטרענגט גוט צוצו־פּאסען די מוזיק צום אינהאַלט, אָבער ער איז ווידער דורכגעפאלען. דיזעס מאָל איז די אורזאכע געווען, וואָס ער האָט זיך גענומען צו א קאָמישע אָפּערע, וואָס איז גאָר ניט געווען אין זיין גייסט. זיין מוזע האָט איהם נור בעגייסטערט פאַר ערנסטע מוזיק און גרויסע דראמען מיט גלענצענדע עפעקטען און ריהרענדע סצענען.

דיזע קאָמישע אָפּערע, וועלכע האָט געטראָגען דעם נאָמען „אלימעלעק, דער ווירטה און דער גאסט", איז געווען זיין שוואכסטע ווערק. מען האָט איהר צוערשט אויפגעפיהרט אין שטוטגארט,

וואו זיין פריינד קארל וועבער האט איהם פיעל מיטגעהאָלפען, אָבער זי האט גאָר קיין ערפאָלג ניט געהאט. מען האט דיזע אָפּערע נאכהער געשפּיעלט אין וויען, וואו זי האט אויך ניט אויסגענומען. מעיערבעער איז דאן איינפאך פערצווייפעלט געוואָרען. ער האט גאָר ניט געוואוסט, ווי צו ערקלערען זיין דורכפאַל.

אין דער זעלבער צייט האט ער אויך זיך ארומגעזעהען, אז ער איז גאָר ניט צופריעדען מיט זיך אלס פּיאניסט. דאַן האט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט מיט זיין שפּיעלען א פּיאניסט הוממעל. ווען מעיערבעער האט איהם געהערט אויף א קאָנצערט, איז ער ענטציקט געוואָרען פון זיין שפּיעלען און האט געמוזט צוגעבען ביי זיך אין הארצען, אז איהם אליין פעהלט נאָך טעכניק צו זיין אַזאַ קינסטלער. דאָס האט איהם ניט וועניג געערגערט, אָבער ער האט גלייך בעשלאָסען זיך צו נעהמען צו דער ארבייט און אַזוי לאַנג צו פּראקטיצירען אויף דער פּיאנאָ, ביז ער וועט ארויסצייגען נאָך מעהר קונסט ווי הוממעל. ער איז געוועזן אזוי פלייסיג ווי עהרגייציג, און ווען ער האט עפּעס בעשלאָסען אויסצופיהרען, פלעגט ער עס טאָן מיט חשק און ענערגיע. דאַרום האט ער ניין מאָנאַט פּראקטיצירט שטונדען־לאנג יעדען טאָג. ער האט אין דער צייט גאָר ניט קאָמפּאָנירט און נור געארבייט מיט די פינגער ביז ער האט געפיהלט, אַז ער קען שוין ארויסטרעטען געגען הוממעל'ן און צייגען זיין קונסט. ער האט זיך ניט גענאַרט אין זיינע ערוואַרטונגען. ווי מיר ווייסען עס שוין, האט ער פון קינדהייז אָן געשפּיעלט פּיאנאָ און איז נאָך אלס איינגעל גערעכענט געוועזן פאר א ווירטואָז; נאָר אין פאָגלער'ס שולע און נאכהער, ווען ער האט זיך אָבגעגעבען צו קאָמפּאָזיציאָנען, האט ער פערנאַכלעסיגט זיין שפּיעלען. יעצט אָבער האט אין איהם אבגעלעבט דער ווירטואָז און אויף אַ קאָנצערט האט ער אויסגענומען מעהר ווי זיין געגנער. אויסער א זעלטענע טעכניק האט ער אויך ארויסגעוויזען געפיהל. מיט זיין שפּיעלען פלעגט ער איינפאך בעגייסטערען די צוהערער.

אין וויען האט ער זיך צוזאמענגעטראָפען מיט בעטהאָווען, וועלכער ווערט גערעכענט פאר דעם גרעסטען קאָמפּאָזיטאָר, וואָס

איז ווען געשטאָפּען געוואָרען. דיזער קעניג פון קלאַסישע מוזיק האָט דאָן אָנגעשריעבען די סימפּאָניע „וועלינגטאָן'ס זיעג". די גרעסטע מוזיקאנטען האָבען אנטהייל גענומען אין דעם אָרקעסטער. מעיער־בעער'ן איז אויסגעקומען צו קלאַפּען אין פּויק. אַזוי ווי ער איז ניט געוואָהנט געווען צו דיעזען אינסטרומענט און האָט זיך גאָר ניט היימליך געפיהלט, האָט ער ניט געקלאַפּט אין טאַקט און דערמיט ארויסגערופען בעטהאָווען'ס אונצופרידענהייט. ער האָט דערפאַר געכאַפּט א פּאָרציע פון דעם אלטען געניאַלען קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער האָט נאכהער געזאָגט: „איך בין גאָר ניט געווען צופריעדען מיט מעיערבעער'ן. ער איז אלין געווען צו שפּעט, זאָ דאָס איך האָב איהם טאַקי גוט אויסגעזידעלט. מיט איהם איז גאָר ניט צו מאכען, עס פעהלט איהם ארויסצוטרעטען אין צייט." ווען מעיערבעער איז געווען דער אנערקענטער קעניג פון אָפּערע, האָט ער ליעב גע־האַט צו דערצעהלען ווי בעטהאָווען האָט זיך געבייזערט אויף איהם און איהם ערקלערט פאַר א שלעכטען באַראַבאַנשטשיק.

אין 1812 האָט ער קאָמפּאָנירט א קאַנטאַטע לכבוד דעם גע־בורטסטאָג פון זיין געליעבטער מוטער און אויך א פּאַטריאָטישע שטיק וועגען די דייטשע בעוועגונג געגען נאַפּאָלעאָנען. די לעצטע קאָמפּאָזיציאָן איז אויסגעפיהרט געוואָרען אין בערלין מיט א צימ־ליך גוטען ערפאָלג. אין אלגעמיינען אָבער איז דעם יונגען קאָמפּאָ־זיטאָר, וועלכער האָט געטרוימט צו שוועבען הויך און ברייט ווי אַן אָדלער, נאָך ניט געלונגען צו צייגען זיין מאכט דעם פּובליקום, טראָץ דעם וואָס ער האָט אויספּראָבירט פערשיעדענע סאָרטען פון מוזיקאַלישע דיכטונגען. דאָס פּובליקום איז אלין געבליבען גלייכ־גילטיג צו זיינע קאָמפּאָזיציאָנען. ער איז דורך דעם אזוי נידערגע־שלאָגען געוואָרען, אז ער האָט אפילו ניט געגלויבט זיינע פריינד, וועלכע האָבען איהם אויפגעמונטערט און פערשפּראָכען א גלענ־צענדע צוקונפט. בעזאָנדערס האָט איהם ניט פערלאָזען זיין חבר קאַרל וועבער, וועלכער האָט איהם אויך געלויבט אין צייטונגען אין זיינע מוזיקאַלישע איבערזיכטען. וועבער האָט צו גוט געוואוסט, וואָס פאַר א מעכטיגער טאַלענט עס שטעקט אין זיין פריינד, און ער

האָט עס גרויסמוטהיג געזוכט צו ערקלערען דעם פובליקום. אין איינער פון זיינע שריפטען האָט וועבער איהם פאָרגעשטעלט אלס א העכסט געבילדעטען מאן, אלס דעם גרעסטען פיאניסט פון זיין צייט און אלס א קאָמפּאָזיטאָר, וואָס צייכענט זיך אויס מיט א לעבעדיגע, ריכטיגע אויפפאסונג פון כאראקטערען, נייאיגקייטען און רייכטהום פון האַרמאָנישע דיכטונגען און א קונציגע אָרקעסטרירונג.

דיזע כשר־פערדיענטע שבחים פון אזא מוזיקאלישען זשעניע ווי וועבער האָבען אָבער ווייניג געווירקט אויף דאָס פובליקום, און מעיערבעער׳ס פערצווייפלונג איז אלץ גרעסער געוואָרען ביז דער בעוואוסטער איטאַליענישער קאָמפּאָזיטאָר סאליערי האָט איהם גע־ראטהען צו פאָהרען נאָך איטאליען און זיך צוקוקען, ווי מען פיהרט דאָרטען אויף אָפּערעס. „אין אייערע קאָמפּאָזיציאָנען,“ האָט סאליערי געזאָגט צו איהם, „איז צופיעל אונשולד. זיי זיינען צו פרום און צו טרוקען. אייער קונסט איז נאָך בתולה׳דיג. איהר דארפט אונטערפייערען אייער מוזע מיט א קוש.“ ווייטער האָט ער איהם ערקלערט, אַז ער פערשטעהט נאָך ניט ווי צו קאָמפּאָנירען פאר שטימען און אז דאָס קען ער נאָר ערלערנען אין איטאליען, וואו די קאָמפּאָזיטאָרען קימערען זיך ניט אזוי פיעל וועגען קאָנטראפּונקט און טרוקענע טהעאָריע, ווי אין דייטשלאנד, און זוכען צו שאפען קלינגענדע און לעבעדיגע מעלאָדיען.

מעיערבעער האָט געפיהלט, אז דער איטאליענער האָט רעכט. ער האָט דאַרום גלייך אָנגענומען זיין ראטה. נאָר זיין פאָטער האָט געוואונשען, ער זאָל פריהער בעזוכען פאַריז, און דאָרטען זיך בעקע־נען מיט גרויסע קינסטלער. דער יונגער און רייכער קאָמפּאָזיטאָר האָט נאַטירליך געהאַט די בעסטע רעקאָמענדאציאָנען און איז אויפ־גענומען געוואָרען פריינדליך אין די רייכסטע און בעסטע אריסטאָ־קראטישע סאלאָנען פון פאַריז. ער האָט דאָרטען זעהר לוסטיג פערבראַכט א יאָהר, אָבער די פערגניגען האָבען איהם ניט געקענט אָפּרייסען אין גאנצען פון זיין געליעבטע קונסט און אויך פון ליטע־ראַרישע שטודיען. ער האָט זיך בענוצט מיט דיזער צייט נאָך גרינ־ליכער צו ערלערנען די פראנצויזישע שפּראַך און ליטעראַטור.

.3

## זיין רייזע נאָך איטאַליען און זיינע איטאַליענישע אָפּערעס.

איטאַליען האָט מעיערבעער בעזוכט, ווען איהם איז געוואָרען 25 יאָהר. ער האָט דאָרטען פערבראַכט די בעסטע יאָהרען פון זיין לעבען און איז פון דאָרטען ארויסגעטראָטען אלס א קעניג פון אָפּע־רעס. איטאַליען איז נאָך דאן געווען דער איינציגער צענטער פון דער מוזיקאַלישער וועלט. די איטאַליענישע אָפּערע האָט איבעראל געהערשט. פון אַלע לענדער פלעגען אהין קומען מוזיקאנטען ניט בלויז צו מאַכען לוסט־רייזען און זעהען, ווי די קונסט האַלט דאָרטען, זאָנדערן איינפאַך צו לערנען און בעסער נאָכצומאכען די איטאַליע־נישע מייסטערס, צו קאָמפּאָנירען נאָך זייער מוסטער. די הויפּט אנציהונגס־קראַפט פון דער איטאַליענישער מוזיק איז בעשטאַנען אין איהרע מעלאָדישע קאָמפּאָזיציאָנען און אין דער שטרעבונג צו געבען די זינגערס וואָס מעהר מעגליכקייט צו צייגען זייערע שטי־מען און קונסט. אפילו אין דייטשלאַנד, וואו בעטהאָווען און מאָ־צאַרט, די צוויי אונפערגלייכליכע ריעזען אין דער מוזיק־קונסט, האָבען אויפגעהויבען די נאַציאָנאַלע מוזיק און געלייגט דעם פונדאַ־מענט צו דער דייטשער אָפּערע, וועלכע האָט שפּעטער פערנומען כמעט אין גאנצען דעם פּלאַץ פון דער איטאַליענישער — אפילו אין דייטשלאַנד האָט מען מעהרסטענס געזונגען איטאַליענישע מע־לאָדיען און נאָר געשעצט איטאַליענישע אָפּערעס.

דער קעניג פון דער איטאַליענישער אָפּערע איז דאן געווען ראָסיני, וועלכער איז אויפגעוואַקסען און ערצויגען געוואָרען אויף דער סצענע פון פאָלקס־טהעאַטערס. זיין פאַטער און מוטער זיינען געווען וואַנדערענדע זינגער, און זייער זוהן, איינער פון די גרעסטע איטאַליענער מוזיק־מייסטערס, איז נאָך אלס קינד ארויסגעטראָטען אלס זינגער אויף די פאָרשטעלונגען פאַר'ן פאָלק אין דער צייט פון יאַרידען און פאָלקס־פעסטליכקייטען. ווי פערשיעדען איז געווען

זיין יונגענד פון מעיערבעער'ס! ראָסיני איז געוואקסען אין ארמוטה אין אונוויסענהייט אלס פאָלקס־קינד, וועהרענד מעיערבעער האָט זיך געבאָדען אין וואוילטאָג. אָבער ראָסיני איז געווען אזא ריעזי־גער זשעניע אין האָט זיך אזוי גלענצענד אויסגעצייכענט מיט זיינע לעבהאפטע קאָמפּאָזיציאָנען צו 18 יאָהר, דאָס ער האָט זיך שנעל דורכגעבראָכען א וועג און גענומען דאָס איטאַליענישע פאָלק און דורך דעם די גאנצע מוזיקאלישע וועלט מיט שטורם. דיזער וואונ־דערבארער זשעניע איז אין פיעלע הינזיכטען געווען דער היפוך פון מעיערבעער'ן. ער האָט כמעט גאָר ניט געקענט אויסער מוזיק, און דאָס האָט ער אויך ניט שטודירט נאָך אלע רעגעלען פון דער טהע־אָריע. ער האָט געדיכטעט פריי ווי א נאטור־קינד, ווי זיין אייגענע פאַנטאַזיע האָט איהם געטראָגען, און ער האָט קאָמפּאָנירט מערק־ווירדיג שנעל. אין פערלויף פון אונגעפעהר צעהן יאָהר האָט ער אָנגעשריעבען א דרייסיג אָפּערעס, פון וועלכע איינינגע ווערען נאָך ביז היינט געשפּיעלט, ווי, צום ביישפּיעל, „ווילהעלם טעלל“, און וועלכע וועלען נאָך לאַנג־לאַנג ניט ארונטערגעהן פון דער אָפּערן־סצענע.

מעיערבעער איז אָנגעקומען אין איטאַליען, ווען ראָסיני'ס אָפּע־רעס האָבען געהערשט. ער אליין איז אזוי ענטציקט געוואָרען פון זיי, דאָס איינינגע האָט ער געקענט אויסווייניג מיט אלע איינצעלהיי־טען. וואָס פאַר א גרויסען איינפלוס איטאַליען און ראָסיני האָבען געהאט אויף איהם, ערקלערט ער אָפען אליין אין א בריעף צו זיינעם א פריינד אין דייטשלאַנד.

„גאַנץ איטאַליען,“ שרייבט ער, „האָט זיך דאן געפונען אין א גליקליכען צויבער. עס האָט געשיינט ווי די גאַנצע נאַציאָן האָט דערגרייכט איהר געוואונשענעם גן־עדן און אז זי קען נאָר גליקליך זיך פיהלען דורך ראָסיני'ס מוזיק. איך בין ניט ווילענדיג ארומגע־רינגעלט געוואָרען מיט דיזע וואונדערליכע נעצען פון קלאַנגען און בין ארייננגעפאלען אין א בעצויבערטען גאָרטען, פון וועלכען איך האָב ניט געקענט און ניט געוואָלט ארויסגעהן. אלע מיינע געפיה־לען און געדאַנקען זיינען געוואָרען איטאַליעניש. נאכדעם, ווי איך האָב דאָרטען פערבראכט איין יאָהר, האָט זיך מיר געדוכט, אז איך

בין א געבאָרענער איטאַליענער. אז אזא פאַלשטענדיגע אומענ־דערונג פון גייסטיגען לעבען מוז האָבען א ווירקונג אויף מיין דיכ־טונג — איז זעלבסטפערשטענדליך. איך האָב ניט געוואָלט נאָכטאָן ראָסיני'ן און שרייבען נאָך דעם איטאַליענישען מוסטער, ווי מען בעהויפטעט עס, זאָנדערן איך האָב געמוזט אזוי שרייבען, ווי איך האָב געשריעבען, איינפאך דורך אַן אינערליכע נייגונג."

אין אַן אנדער בריעף שרייבט ער וועגען דיזע צייט פון זיין לעבען אזוי: „דער פאַקט, דאָס איך בין אין דעם צווייטען פעריאָד פון מיין מוזיקאלישער ריכטונג מעהר געניינט געוועזן צו איטאַליע־נישער מעלאָדיע, איז גאַנץ נאַטירליך, ווען מען זאָל נור נעהמען אין אנבעטראכט, דאָס איך בין צו שטרענג געשולט געוואָרען פון לעה־רערס אין קאָמפּאָזיציאָנען, וועלכע האָבען נור געפאָדערט אַן אנ־שטרענגונג פון פערשטאַנד, און דאָס די לעבעדיגע געפיהלען, וועל־כע זיינען אונטערדריקט געוואָרען דורך טרוקענע מוסטערס, זיינען אויפגעוועקט און אויפגעלעבט געוואָרען פון איטאַליען'ס ווארימ־קייט און פון איהרע נאַכטיגאַלען. עס פערשטעהט זיך, איך בין צו ווייט פערקראָכען אין דיזער ריכטונג, וועלכע איז ארויסגערופען געוואָרען פון די אומשטענדען און פון לעבען זעלבסט."

אין דעם איטאַליענישען גייסט, מיט וועלכען ער איז אזוי שנעל דורכגעדרונגען געוואָרען, ווייל ער איז איבערהויפּט געוועזן אַן עמפּפינדליכע נאַטור, האָט ער אין 1818 אָנגעשריעבען די אָפּערע „ראָמילדאָ און קאָנסטאַנציא", וועלכע איז אויפגעפיהרט געוואָרען אין פאַדוא מיט א צימליך גוטען ערפאָלג. נאכהער האָט ער אָנגע־שריעבען אויף דער זעלבער אַרט עטליכע אָפּערעס, פון וועלכע דער „קריייץ־ציגער" האָט געהאַט דעם גרעסטען ערפאָלג. מען האָט אויך דיזע אָפּערע אויפגעפיהרט אין די פעראייניגטע שטאַאטען און אנ־דערע לענדער פון דער נייער וועלט, און דער בראַזיליאַנער קעניג האָט דערפאַר בעעהרט דעם קאָמפּאָזיטאָר מיט א'ן אָרדען.

.4

## זיין לעבען אין איטאַליען.

אָבער נאָך מעהר ערפאָלג האָט ער דאַן געהאַט ביי איטאַליע־נער פרויען. ער איז ניט נור געווען יונג, טאַלענטפאָל און רייך, זאָנדערן אויך שעהן, עלעגאַנט און העכסט אנציהענד. יעדען טאָג פלעגט ער קריעגען פעק מיט ליעבע־בריעף, און וואו נאָר ער פלעגט זיך בעוויזען, פלעגט ער באָמבאַרדירט ווערען מיט פלאַמענדע בליקען פון איטאַליענער שעהנהייטען. ניט־ווילענדיג איז ער געוואָרען א דאַמען־העלד. נאָר ער איז צופיעל פערטיעפט געווען אין מוזיק און איבערהויפט אין קונסט, לעזענדיג נאָך דערצו זעהר פיעל די ווערק פון די בעסטע איטאַליענער פּאָעטען און שריפטשטעלער, אום זיך אָפּצוגעבען אין גאַנצען צו פערגעניגען און ראָמאַנען. פער־העלטניסמעסיג האָט ער גאַנץ וועניג געזינדיגט. ער האָט געלעבט זעהר איינפאַך און בעשיידען, הגם ער האָט געהאַט גענוג מיטעל צום גרעסטען לוקסוס. אָפט פלעגט ער פערברענגען גאַנצע טעג אין דיכטען, שפּיעלען און בעטראַכטען די הערליכע איטאַליענישע נאַ־טור, פון וועלכער ער פלעגט שעפּען בעגייסטערונג.

נאָר טראָץ דעם, וואָס ער פלעגט אויסמיידען צו פערפיהרען ראָמאַנען און ענטפערען אויף די ליעבע־בריעף, איז ער ניט איין מאָל ארויסגערופען געוואָרען אויף א דועל פון זיינע געגנער. אזוי ווי ער איז אָבער געוועהנליך געווען גאַנץ אונשולדיג, האָט ער זיך שטענדיג געקענט אַרויסדרעהען פון דועלען. מיט אַריסטאָקראַטישע דאַמען און פּרימאַדאָנעס, וועלכע האָבען געזוכט אריינצוציהען איהם אין זייער נעץ, האָט ער זיך בעזאָנדערס געהיט צו פערפיהרען א ראָמאַן, און דערפאַר האָבען אייניגע פון זיי זיך אָבגערעכענט מיט איהם אויף זייער פּאַסאָן. וועגען איינעם פון אזעלכע פעללע האָט ער דערציילט אין א בריעף צו זיינעם א פריינד אזוי:

„ווען איך האָב געשטעלט מיין אָפּערע „ראָמילדאָ און קאָנ־סטאַנציא“ אין פּאַדוא, האָט זיך די פּרימאַדאָנא, וועלכער איך האָב געצייגט איהר ראָלע, זיך אריינגענומען אין קאָפּ, אז זי זאָל מיט מיר

חתונה האָבען נאָך פאַר דער פאָרשטעלונג, אָבוואָהל איך האָב איהר קיין געלעגענהייט ניט געגעבען צו אזעלכע האַפנונגען. ווען איך האָב בעמערקט, וואָס זי בעצוועקט, בין איך נאָך פאָרזיכטיגער גע־וואָרען. מיר האָט זיך גאָר ניט גע׳חלום׳ט, וואָס פאַר טרויעריגע רעזולטאַטען דאָס וועט האָבען פאַר מיין אָפּערע. איך האָב ערוואַרטעט א גרויסען ערפאָלג. אָבער ווען עס איז געקומען די נאַכט פון דער פאָרשטעלונג — א זעהר הייסע נאַכט — און די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעפאַנגען בין איך א צוציטערטער גע־וואָרען. שטעלט זיך פאָר מיין לאַגע, ווען די זינגערס האָבען גע־זונגען, אזוי ווי זיי וואָלטען ערשט אַראָב פון א קראַנקען־בעט און אז דער אָרקעסטער האָט ניט אָנגעהויבען צו שפּיעלען ריכטיג. דאָ האָט דער טרומייטער דורכגעלאָזען א נויטיגע נאָטע און מיט א מאָל א בלאָז געטאָן אין רעכטען מיטען פון אַן אריע, אז עס האָט געדו־נערט אין די אויערען; דאָ האָט דער באַראַבאַן געקלאַפּט אזוי ווי ער וואָלט געוועקט מתים; דאָס איז די פלייטע פערקראָכען אין בויבע־ריק. דאָס פּובליקום האָט זיך אָנפאַנגס קראַנק־געלאַכט פון דיזע „קונצען“, אָבער צולעצט זיינען אלע אין כעס געוואָרען. ווען איך בין צוגעלאָפען צום דירעקטאָר און צו די ארטיסטען, האָב איך גע־קראָגען די אַנטוואָרט: „עס איז צו הייס, מען קען גאָר ניט אָט־העמען.“ צו אַלע צרות האָבען נאָך די איטאַליענישע צייטונגען פערשפּרייט א בעריכט, אז מיין אָפּערע איז דורכגעפאַלען און האָ־בען געמאַכט בייסענדע בעמערקונגען אויף מיין רעכנונג. איך האָב גלייך פערשטאַנען, אז די זינגערס און דער אָרקעסטער האָבען זיך פערבונדען געגען מיר, אָבוואָהל איך האָב זיי גאַנץ גוט בעהאַנ־דעלט און זיי זיינען געווען פריינדליך צו מיר ביי די רעפּעטיציעס. אָבער ערשט מיט א צייט שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט פון איינעגע מוזיקאַנטען, אז די אורזאכע פון גאַנצען סקאַנדאַל איז גע־ווען די פּרימאַדאָנאַ, וועלכע האָט געהערשט אין טהעאַטער און האָט אַלעמען געצוואונגען צו שפּיעלען, ווי איהר האָט זיך געוואָלט, אום זיך אָפּצורעכענען מיט מיר פאַר מיין גלייכגילטיגקייט צו איהר ליעבע. דאָס איז געווען איהר ווייבערשע ראַכע.“

.5

## פערלאָזט בערלין און בעזעצט זיך אין פאַריז.

אין 1822 האָט ער זיך צוריקגעקעהרט נאָך בערלין מיט אַ נאָמען פון אַן ערפאָלגרייכען קאָמפּאָזיטאָר אין איטאַליען. דאַן איז אויך געקומען אַ סוף צו זיינע ראָמאַנען אָדער גיכער צו די ליעבע־אַטאַקעס פון פיעלע שעהנהייטען אויף איהם, דען ער האָט חתונה גע־האַט מיט זיין קוזינע מינע מאָססאָק.

ער האָט גערעכענט, אַז יעצט, ווען ער האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען אין איטאַלען, וועט ער נעהמען בערלין מיט שטורם; אבער ער האָט גאָר אַ ביטערען טעות געהאַט. פון אַלע זייטען האָבען זיך אַ שאָט געטאָן אויף איהם פיינדליכע קריטיקען. מען האָט איהם ערקלערט פאַר אַן איינפאַכען שקלאַוו פון דער איטאַליענער אָפּערע און פאַר אַ פעררעטהער צו דער דייטשער מוזיק, וועלכע איז דאַן ארויסגעטראָטען אַליין קרעפטיגער אויף איהר זיעגרייכען וועג. פיעלע האָבען געשריען, אַז ער איז ראָסיני׳ס נאָכשלעפּער און אַז ער איז אין גאַנצען פערלאָרען פאַר די דייטשע מוזיק. אַפילו זיין גרויסער פריינד קאַרל וועבער, וועלכער האָט איהם געהאָלפען אויפ־צופיהרען די אָפּערע „עמא ראָזבור“ אין דרעזדען, האָט נאָך דער פאָרשטעלונג געשריעבען צו אַ פריינד: „מיין הארץ ווערט בעגאָ־סען מיט בלוט, ווען איך זעהע, דאָס אַ דייטשער קאָמפּאָזיטאָר מיט אַ ריעזיגען טאַלענט ערניעדריגט זיך נאָכצומאַכען צוליעב אַ קלעגליכען ערפאָלג ביי דער מעננגע.“

דיזע אַלגעמיינע אַטאַקעס פון דייטשע מוזיקאַנטען און קריטי־קער האָבען איהם נאַטירליך שרעקליך געקרענקט. ער האָט אָנ־פאַנגס זיך ניט געקענט ערקלערען, וואָרום מען איז אַזוי בייז אָנ־געפאַלען אויף איהם; אבער ווען ער האָט זיך צוגעהערט צו די ערנסטע קריטיקער, האָט ער זיך ארומגעזעהען, דאָס ער איז ווירקליך געוועזן צופיעל אונטער דעם איינפלוס פון דער איטאַליענער מוזיק און אַז ער האָט כמעט פערלאָרען זיין זעלבסטשטענדיגקייט. דאַרום האָט ער זיך אָבגעזאָגט צו שרייבען ווייטער איטאַליענישע אָפּערעס,

אַבוואַהל ער האָט גענקראַגען פיעלע בעשטעלונגען פון טהעאַטער־דירעקטאָרס.

צו די צרות, וואָס ער האָט געהאַט פון די דייטשע קריטיקערס, זיינען נאָך צוגעקומען פאַמיליען־אונגליקען. זיין פאָטער, וועלכען ער האָט היים געליעבט, איז געשטאָרבען, און ניט לאַנג נאָכדעם, זיינע ערשטע צוויי קינדער. דאָס האָט אויף איהם אַזוי שמערצ־ליך געווירקט, אַז אַ פּאָר יאָהר האָט ער גאָר ניט געקענט אונטער־נעהמען. זיין דיכטונגס־קראַפט איז ווי אָבגעשטאָרבען געוואָרען. אויסער רעליגיעזע מוזיק האָט ער גאָר ניט געקענט קאָמפּאָנירען.

ווען מעיערבעער איז שוין געווען אַן אַלטער מאַן, פלעגט ער ניט קענען רעדען וועגען דיזע צייט אָהן טרערען אין די אויגען.

נאָר מיט דער צייט זיינען די וואונדען ביסלעכווייז פערהיילט געוואָרען, און ער האָט זיך געקענט נעהמען צו דער ארבייט. אין דייטשלאַנד אָבער, וואו די מוזיקאַלישע וועלט איז אַזוי העפטיג ארויסגעטראָטען געגען איהם און האָט איהם בעטראַכט אַלס אַ פער־רעטהער צו דער דייטשער מוזיק, האָט ער ניט געקענט האָפען אויף אַן ערפאָלג, און ער האָט דאָרום בעשלאָסען צו פּרובירען זיין גליק אין אַ'ן אַנדער לאַנד. ער האָט ניט פיעל בעדאַרפט טראַכטען, אום אויסצוקלייבען פראַנקרייך, וואו ברייטע פעלדער זיינען געווען אָפען פאַר אַלע טאַלענטען און וואו אַלע פרייהייטס־קעמפּפער, אַלע גרויסע גייסטער האָבען געפונען וואָס זיי האָבען געזוכט און דערצו נאָך פרייהייט און זיכערהייט. פּאַריז איז דאַן געווען דער צענטער פון דער ציוויליזירטער וועלט נאָך מעהר ווי אין אונזערע טעג. קונסט און ליטעראַטור האָבען דאָרט בעזאָנדערס געגלענצט און געפונען אַ פרייען וועג. קינסטלער, פּאָעטען, פּאָליטישע עמיגראַנטען, געלעהר־טע — יעדערער האָט דאָרטען געהאַט זיין קרייז און האָט געקענט אויף פערברענגען די צייט מיט פערגניגען. דאָס לעבען האָט דאָר־טען געקאָכט, און דער פּאָליטישער קאַמפּף, וועלכער האָט זיך גע־ענדיגט אין יולי 1830 מיט אַ נייער רעוואָלוציאָן, האָט געברענט.

אָבער מעיערבעער איז געווען צו פיעל פערטיפט און פערטאָן אין זיין קונסט, אום זיך צו בעשעפטיגען מיט פּאָליטיק. קינסטלער־

נעהמען איבערהויפּט זעהר זעלטען אנטהייל אין א פּאָליטישען קאמפּף, זייער קונסט פיהרט זיי אין א גאַנץ אנדער ריכטונג; זיי אינטערעסירען זיך מעהר מיט א בילד, א סטאַטוע, א דראמע, אָפּערע, א. ז. וו., ווי אפילו מיט א רעוואָלוציאָן. מעיערבעער איז אין דיזער בעציהונג ניט געווען אַן אויסנאַהמע, ער איז געבליבען פרעמד צו די פּאָליטישע בעוועגונגען אין פראַנקרייך ניט נאָר ווען ער האָט זיך דאָרט בעזעצט, זאָנדערן אויך ווען ער איז געוואָרען א פראנצויז און איז, זאָ צו זאָגען, צוזאמענגעוואַקסען געוואָרען מיט זיין צווייטען פאטערלאַנד. זיין פרייהייטס־גייסט האָט ער נאָר אויסגעדריקט אין זיינע אָפּערעס, מיט וועלכע ער האָט ערשטוינט און ענטציקט די וועלט. דער פרייער, לעבעדיגער און דראמאטי־שער גייסט פון די פראנצויזען האָט זיך אויסגעגאָסען אין זיין מו־זיק. אָהן פראַנקרייך וואָלט זיך מעיערבעער׳ס זשעניע ניט ארויס־געצייגט מיט אזא פראכט און גלאַנץ.

גראדע ארום דער צייט, ווען ער האָט בעשלאָסען צו פערלאָ־זען זיין אונדאַנקבאַרע פאטערלאַנד, איז ער איינגעלאַדען געוואָרען פון דעם אָפּערן־דירעקטאָר ראָסיני אין פּאַריז צו דיריזשירען זיין אָפּערע „קרייץ־ציגער", וועלכע האָט אין א קורצער צייט גענומען די איטאַליענער מיט שטורם אַן האָט אויך געמאַכט א רייזע איבער דער ציוויליזירטער וועלט. דיזע אָפּערע איז זיכער געווען די בעסטע פון די יעניגע, וועלכע ער האָט געשריבען אין איטאַליען נאָך דעם איטאַליענישען מוסטער. פריהער האָט דיזע אָפּערע גראַדע ניט אויסגענומען אין פּאַריז, אָבער דיזעס מאָל איז דער ערפאָלג געווען א ריעזיגער. אַזאַ טריאומף האָט ער נאָך ביז דאַן ניט געהאַט. פּאַריז, די וועלט־שטאָדט פון קונסט, איז איינפאַך געלעגען צו זיינע פיס. מען האָט איהם געטראָגען אויף די הענד און בעשאָטען מיט בלומען. אַפילו זיין גליקליכע מוטער, וועלכע איז געקומען זעהען איהר זוהן׳ס נצחון, האָט מען בעשאָטען מיט בלומען. פּאָעטען האָבען איהר געלויבט אלס די מוטער פון אזא געניאַלען זוהן. ראָסיני זעלבסט, דער גרויסער איטאַליענישער מייסטער, וועלכער איז געווען דער דירעקטאָר פון דער פּאַריזער אָפּערע, האָט איהם

ערעלמוטהיג געשטיצט, ווי איבערהויפּט אַלע יונגע טאַלענטען.

דאָס האָט פּאַסירט אין 1827טען יאָהר. נאַטירליך, די טירען פון די אריסטאָקראטישע סאַלאָנען זיינען געווען פאר איהם אזוי אָפען ווי די טעמפּלען פון קונסט. אין די סאַלאָנען פלעגט ער זיך צוזאמענטרעפען מיט די גרעסטע פּאָעטען און קינסטלער פון יענער צייט, ווי היינע, אדאם מיצקיעוויטש, וויקטאָר הוגאָ, לאַמארטין, שאטאָבריאַן, האלעווי, אָבער, א. ז. וו. ווען ער האָט זיך אין גאַנ־צען אריבערגעצויגען אין זיין וואָהנונג אין פּאריז, איז דאָרט געוואָ־רען אַ צענטער פאַר די גרעסטע מענער פון דער וועלט־שטאָדט. דער גרויסער פערמעגען פון זיינע עלטערן האָט איהם ערלויבט צו לעבען ווי אַ מאָנארך און צו געבען הערליכע אונטערהאַלטונגען פאַר די געסט, וועלכע פלעגען האַלטען פאר אַן עהרע צו זיין ביי איהם. ער זעלבסט האָט געלעבט זעהר איינפאַך, אָבער ער איז געווען זעהר גאַסט־פריינדליך און האָט ליעב געהאַט צו פערברענגען די צייט אין דער געזעלשאַפט פון זיינע אינטימע פריינד, וועלכע זיינען כמעט אַלע געווען קינסטלער און פּאָעטען. אונטער אזעלכע אומשטענדען האָט ער שנעל פערגעסען אָן די קריינקונגען און פאמיליען־שמערצען, וואָס ער האָט געהאַט אין בערלין, און זיין מוזע האָט אויפגעלעבט מיט אַ נייער קראַפט, אַ קראַפט, וועלכע האָט שנעל בעצויבערט די וועלט.

די יעניגע, וועלכע האָבען געמיינט, אַז מעיערבעער האָט אין דעם גערויש און אין די פערגניגען פון אַ רייכען לעבען אין פּאַריז פערלאָרען זיין פריהערען חשק צו ארבייט, האָבען אַ גרויסען טעות געהאַט. זיין קינסטלערישע נאַטור האָט איהם קיין מאָל ניט דער־לאָזען זיך אָבצוגעבען צו ניעדריגע ליידענשאַפטען, צו תאוות; זי האָט איהם געטריעבען צו גייסטיגע פערגניגען, צו דאָס שעהנע און ערהאַבענע. אין דעם קרייז פון רייכטהום, גלאַנץ און עלעגאַנץ, אין וועלכען ער האָט געלעבט, האָט ער ניט אויפגעהערט צו לערנען, שטודירען דעם כאראַקטער פון פראנצויזישען פאָלק און בעזאָנדערס פון די פראנצויזישע מוזיק. ביסלעכווייז איז ער דורכ־געדרונגען געוואָרען מיט'ן פראנצויזישען גייסט, ווי פריהער מיט

דעם איטאַליענישען. וואָס מעהר ער האָט שטודירט די פראַנצויזישע מוזיק, האָט ער זיך אַלץ שטאַרקער איבערצייגט, אז זי פּאַסט אם בעסטען פאַר זיין כאַראַקטער, פאר זיין זשעניע. „איך האָב לאַנג געזוכט און קאָמפּאָנירט,“ האָט ער ערקלערט, „ביז איך האָב אויסגעפונען, צו וואָס איך בין מעהר גענייגט און געשאַפען. איך האָב לאַנג פּרובירט ביז איך האָב זיך איבערצייגט, אז געשיכטע און שטאַרקע דראַמאַטישע כאַראַקטערען זיינען מיין עלעמענט.“

ער האָט דאַן בעשלאָסען צו מאַכען אַ פּראָבע אויף דיזען נייעם וועג; נאָר צוערשט האָט ער בעדאַרפט אויסגעפינען אַ פּאַסענדען ליברעטיסט. ער האָט גלייך געזעהן, אז פאר אַן אמת דראַמאַטישע מוזיק דאַרף מען האָבען אַזאַ אינהאַלט, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו איהר און זאָל זיין געשריעבען פון אַ קינסטלער אין זיין פאַך. ער האָט לאַנג געזוכט אַ גוטען ליברעטיסט. ער האָט זיך געווענדעט צו פיעלע בעוואוסטע שריפטשטעלער און זיי פערשפּראָכען די בעסטע בעלוינונג; אָבער ער האָט געקראָגען וועניג בעלנים אויף אַזאַ שווערע און אויך אונדאַנקבארע אַרבייט. אַ גוטע ליברעטאָ פאַר אַן אָפּערע איז אַ העלפט פון ערפאָלג. ניט איין מאָל זיינען אָפּערעס פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרען דורכגעפאַלען צוליעב שלעכטע און נאַרישע ליברעטאָס. פון דעסטוועגען קימערט זיך דאָס פובליקום גאָר ניט וועגען דעם פערפאַסער פון אַ ליברעטאָ. מען קומט זעהן אַן אָפּערע, און געוועהנליך אינטערעסירט מען זיך ניט צו וויסען דעם ליברעטיסט'ס נאָמען. דאַרום ענטזאַגען זיך בעוואוסטע דראַמאַטורגען און שריפטשטעלער פון אַזאַ אַרבייט. ווי מעיערבעער האָט אַליין דערצעהלט, האָט ער בעשטעלט ביי פיעלע פּאָעטען ליברעטאָס, נאָר ער האָט זיי געמוזט אָבגעבען צוריק זייער אַרבייט, נאַבדעם ווי ער האָט בעצאָהלט דערפאַר. אין אַ בריעף צו זיינעם אַ פריינד האָט ער זיך בעקלאָגט, וואָס די פּאָעטען האָבען געקוקט אויף אַן אָפּערע ווי אויף אַ שפּיעלכעל, אויף אַ „קיצלען פון אויערן“, און האָבען ניט געוואָלט צוגעבען, דאָס מען קען מוזיקאַליש **אויסדריקען אַ כאַראַקטער פון אַ פערזאָן.**

.6

## די אָפּערע „ראָבערט־טייוועל“.

ענדליך האָט מעיערבעער געפונען א פּאַסענדען ליברעטיסט אין דער פּערזאָן פון דעם בעריהמטען סקריב. זיי זיינען געווען ווי געבאָרען איינער פאַר דעם אַנדערען. סקריב האָט ליעב געהאַט גלענצענדע עפעקטען, דראַמאַטישע סצענען, און זיין פאַנטאַזיע איז געווען רייך און אָפּט ווילד. צו זיינע ליברעטאָס האָט מעיערבעער לייכט געקענט פערפאַסען אַזאַ מוזיק, אז זיא זאָל זיין גלענצענד און דראַמאַטיש.

די ערשטע ליברעטאָ, וואָס סקריב האָט אָנגעשריעבען פאַר מעיערבעער׳ן, איז געווען „ראָבערט־טייוועל“. דער אינהאַלט איז בעגרינדעט אויף א לעגענדע אין נאָרמאַנדיען וועגען א פּרינץ ראָ־בערט, וואָס איז געבאָרען געוואָרען מיט אַלע צייהנער און האָט אויס שלעכטסקייט געביסען די ברוסט פון זיין מוטער. דערפאַר האָט מען איהם א נאָמען געגעבען: „טייוועל“. אין דיזער פאַנטאַסטישער געשיכטע ווערט פאַרגעשטעלט דער קאַמפּף צווישען שלעכטעס אין דער פּערזאָן פון דעם פערקערפּערטען טייוועל בערטראַם, און גוטעס אין דער פּערזאָן פון אליסא. ראָבערט טייוועל מאַכט אָן אזוי פיעל צרות, פערפיהרט פרויען און טויטעט זייערע מענער, פאָטערס און ברידער, ביז מען פעריאָגט איהם און ער הויבט אָן צו וואַנדערן אי־בער דער וועלט, זוכענדיג דעם טויט אין שלאַכטען און דועלען. זיין פאָטער, בערטראַם, וועלכער האָט פערפיהרט די שיינע און שטאָלצע בערטהאַ, די טאָכטער פון דעם נאָרמאַנער פּרינץ, פערטהיידיגט איהם איבעראַל און רעטעט איהם פון טויט. ער האָט ליעב זיין זוהן און שטרעבט נור איהם אָנצורייצען צו אַלעם בייזעס, אום איהם נאכהער אריינצוקריגען אין גיהנום. אין די אונטערהעצונגען פון דעם טייוועל בעשטעהט דער גאַנצער דראַמאַטיזמוס פון דער ליב־רעטאָ. די איינצעלהייטען זיינען פאַנטאַסטישע אין העכסטען גראַד. ראָבערט בעגעהט פיעלע פערברעכען, ער וויל זאָגאר בע־געהן א גרויסע גאָטעס־לעסטערונג, נעמליך אַראָברייסען די איביגע

גרינע צווייג אויף דעם קבר פון דער הייליגער ראָזאַליא. בערטראַם רעדט איהם ענדליך צו צו פערקויפען זיין נשמה צום טייוועל, אָבער ראָבערט ווערט גערעטעט אין דער רעכטער מינוט פון דער גוטער אליסא און האָט שליעסליך חתונה מיט זיין געליעבטער פרינצעסין איזאבעלא פון סיציליען. דאָס גוטע בעזיעגט דאָס שלעכטע, ווי דאָס פּאַסירט אַזוי אָפט אין טהעאַטער און אַזוי זעלטען אין ווירקליכען לעבען...

עס וואָלט גענומען צו לאַנג צו דערצעהלען דעם גאַנצען אינהאַלט פון „ראָבערט־טייוועל“, ווי פון אַנדערע אָפּערעס, וועלכע מעיערבעער האָט נאָכדעם קאָמפּאָנירט אויף אונגעפעהר דעם זעלבען וועג. פון די אָנגעצייגטע אַלגעמיינע שטריכען פון „ראָבערט־טייוועל“ זעהט מען גענוג, אַז מעיערבעער האָט געהאַט די מעגליכקייט צו געבען ווירקליך דראַמאַטישע מוזיק, צו ריהרען דעם עולם מיט האַרמאָנישע קלאַנגען, וועלכע זאָלען ענטשפּרעכען די מאָנאָלאָגען און ווערטער. ווי ווייט דאָס איז איהם געלונגען, האָט געצייגט דער אויסעראָרדנטליכער ערפאָלג פון דיזער אָפּערע, וועלכע איז צוערשט אויפגעפיהרט געוואָרען אין 1830 און וועלכע פערבלייבט נאָך ביז יעצט אלס אנציהונג אין יעדער אָפּערן־הויז.

זעלטען ווען אַן אָפּערע האָט אַזוי אויפגערודערט א וועלט און האָט גליידך אַזוי שטאַרק אויסגענומען, ווי „ראָבערט־טייוועל“. מעיערבעער האָט קיין מיה און געלד ניט געשפּאָרט צו געבען אַזאַ גלענצענדע פאָרשטעלונג, ווי עס איז נור מעגליך געווען אין יענער צייט. ער האָט אויסגעקליבען די בעסטע זינגערס און דעם בעסטען אָרקעסטער. דער בעריהמטער נורי האָט געשפּיעלט די ראָלע פון ראָבערט טייוועל, און מאַדאַם פאַלקאָן, וועלכע האָט געגלאַנצט מיט איהר זיסער שטימע אַזוי ווי מיט איהר שעהנהייט און יוגענד, האָט געשפּיעלט די פּרינצעסין איזאבעלא. מען האָט געמאַכט אַזאַ רעש מיט די גרויסע פּאָרבערייטונגען, דאָס ווען מען האָט נאָך רעפּעטירט די אָפּערע, האָט שוין דער עולם געוואַרט מיט דער גרעסטער אונגעדולד אויף איהר. די ערשטע פופציג פאָרשטעלונגען האָבען געגעבען אונערהערטע אין יענער צייט איינגאַהמען. אין זיין בע־

גייסטערונג האָט דער עולם פערגעסען אפילו אָן אזעלכע געליעבטע קאָמפּאָזיטאָרען ווי ראָסיני און אָבער. אין דער פּאריזער געזעל־שאפט האָט זיך איינפאך געקעהרט א וועלט מיט „ראָבערט־טייוועל“. עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען דעם איינדרוק, וואָס דיזע אָפּערע, וועלכע איז ניט נאָר רייך מיט הערליכע מעלאָדיען, זאָנדערן איז אויך פערפאסט געוואָרען אין א נייעם גייסט און מיט געוואלדיגע דראמאטישע עפעקטען, האָט דאן געמאכט אויף די צוהערער.

פון פּאריז האָט זי געמאכט א שנעלע רייזע איבער דער וועלט און האָט אויך אריבערגעשפּרייזט דעם אטלאנטישען אָקעאן. מען האָט די פראנצויזישע ליברעטאָ באלד איבערזעצט אין אלע שפּרא־כען פון דער ציוויליזירטער וועלט און איבעראל איז „ראָבערט־טיי־וועל“ אויפגענומען געוואָרען מיט אזעלכע שטורמדיגע אפּלאָדיסמענ־טען, ווי אין פראנקרייך. אין אייניגע שטעדט האָט מען געשפּיעלט „ראָבערט־טייוועל“ אין צוויי טהעאטערס מיט א מאָל.

אָט דאָס איז געוועזן דער ערפאָלג, וועגען וועלכען מעיערבעער האָט אזוי לאנג געטרוימט. יעצט האָט ער שוין קיין צווייפעל גע־האט, אז ער האָט געטראָפען דעם ריכטיגען וועג, אז ער האָט גע־עפענט א נייעם וועג אין דער אָפּערע־מוזיק. פון אלע זייטען האָט מען איהם געלויבט ביז'ן הימעל און ערקלערט פאר דעם גרעסטען אָפּערן־קאָמפּאָזיטאָר. די מאָטיווען פון „ראָבערט־טייוועל“ האָט מען געקענט הערען אין פּאריז און שפּעטער אין אנדערע שטעדט אויף יעדען ווינקעל, און זאָגאר יעצט — ווער האָט ניט געהערט זינגען אַן אריע פון דיזער פּאָפּולערער אָפּערע? נאָר אין דייטשלאנד האָט מען איהם נאָך אַלץ ניט געוואָלט אנערקענען און מען האָט אויף איהם גענאָסען פעך און שוועבעל. דער ערפאָלג פון „ראָ־בערט־טייוועל“ האָט נאָך מעהר אויפגעבראכט די דייטשע קריטי־קער. זיי האָבען נאָר געזוכט אָנצוצייגען אויף די פעהלערען און די שוואכע זייטען פון דיזער אָפּערע, און מען דארף ניט זיין א מוזי־קאנט אָדער א מוזיקאַלישער קריטיקער, אום צו געפינען דאָרטען חסרונות; אָבער זיי האָבען ניט פערשטאנען אָדער ניט געוואָלט

פערשטעהן איהרע גוטע זייטען און ספּעציעל דעם דראַמאַטיזמוס פון דער מוזיק.

מעיערבעער'ס ביטערסטע געגנער אין דייטשלאַנד זיינען גע־וועזן שומאַן און מענדעלסזאָהן־באַרטהאָלדי,ביידע גרויסע זשעניען. זיי האָבען איהם ניט געקענט פערגעבען וואָס ער האָט זיך אָבגע־טרייסעלט פון דער דייטשער מוזיק. זייער מוזיק האָט געטראָגען אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער. שומאַן האָט זיך בעזאָנדערס בעריהמט געמאַכט מיט זיינע ליעדער; מענדעלסזאָהן־באַרטהאָלדי מיט זיינע קאָנצערט־שטיקער און אָראַטאָריעס. זייער מוזע איז יעדענפאַלס ניט געשאַפען געוואָרען פאַר אָפּערעס. מענדעלסאָהן־באַרטהאָלדי, וועלכער איז טריי געבליבען צו דער דייטשער שולע, האָט אַזוי גע־שריעבען וועגען „ראָבערט־טייוועל“:

„דאָ געהט יעצט שטענדיג מעיערבעער'ס „ראָבערט־טייוועל“ מיט גרויס ערפאָלג. דער טהעאַטער איז פול, און די מוזיק געפעלט אַלעמען. דיזע אָפּערע איז אַ געמישעכץ פון אַלע־ליי סצענען, וואָס אַזעלכע האָב איך נאָך אין מיין לעבען ניט געזעהן. ווער עס קען נאָר טאַנצען, זינגען און שפּיעלען אין פּאַריז, טאַצט, זינגט און שפּיעלט דאָרטען. דער סוזשעט איז אַ ראָמאַנטישער, דאָס הייסט, דער טייוועל בעווייזט זיך, (דאָס איז גענוג פאַר דעם ראָמאַנטיזמוס און די פאַנטאַזיע פון די פּאַריזער). אָבער ער איז דאָך זעהר אַ שלעכטער, און ווען ניט די צוויי סצענען פון פערפיהרונג, וואָלט ער אויך קיין עפעקט ניט געמאַכט. דיזער טייוועל איז אַ קלעגלי־כער טייוועל, ער ערשיינט אין דעם קאָסטיום פון אַ ריטער און הייסט בערטראַם. אויף אַזאַ קאַלטע און אויסגעקוועטשטע פיגור קען איך מיר גאָר ניט פאָרשטעלען אירגענד וועלכע מוזיק, דאַרום געפעלט מיר ניט דיזע אָפּערע. זי איז דורכאויס קאַלט, אָהן אַ נשמה. איך האַלט זאָגאַר, אַז זי איז ניט עפעקטפאָל. פיעלע לויבען די מוזיק, אָבער דאָרטען, וואו עס איז ניטאָ קיין אמת און געפיהל, דאָרטען קען איך קיין מאָס ניט געפינען.“

דער געניאַלער קאָמפּאָזיטאָר פון „ליעדער אָהנע וואָרטע“ האָט דאָ געזאָגט אַ גרויסע וואַהרהייט; אָבער ער האָט פערגעסען, אַז ניט

אלע מענשען זיינען גליך אין זייערע געפיהלען און שטרעבונגען און אז דער גרויסער עולם זוכט ניט די וואהרהייט אין אָפּערעס. בערטראַם און ראָבערט־טייוועל זיינען פאַנטאַסטישע פּערזאָנען, און די גאַנצע ליברעטאָ האַלט ניט אויס די מינדעסטע ערנסטע קריטיק; אָבער די אריען זיינען דאָך מערקווירדיג דראַמאַטיש און מעלאָדיש. דאָס פּובליקום איז ענטציקט געוואָרען פון דיזער אָפּערע גראדע צוליעב דיזע דראַמאַטישע מוזיק און האָט זיך אין אַלגעמיין גאַנץ וועניג געקימערט אויב דער סוזשעט האָט עפּעס א טיעפען זינען.

מעיערבעער האָט יעדענפאלס אויך געהאַט דעם פערגניגען צו זעהען, ווי זיינע דייטשע קריטיקער האָבען געקריצעט מיט די ציי־נער אין מאַכטלאָזען כעס, ווען „ראָבערט־טייוועל" איז אין 1832 אויפגעפיהרט געוואָרען אין בערלין מיט גרויס ערפאָלג. ער אַליין האָט דיריזשירט, און אין טהעאַטער האָט עס געדונערט מיט אַפּלאָ־דיסמענטען נאָך יעדען אקט, נאָך יעדער אריע, נאָך יעדען דועט. דער קעניג האָט איהם בעעהרט מיט דעם טיטול האָף־קאָמפּאָזיטאָר. נאָר איהם איז דאן געוועזען צו ענג אין בערלין, עס האָט איהם געריי־סען נאָך פּאריז, און ווייטער האָט ער ניט געקענט פערטראָגען די אַטאַקעס פון זיינע קריטיקער, וועלכע האָבען ניט גערוהט. דארום האָט ער זיך אין א קורצער צייט נאָך דער פאָרשטעלונג ווידער גע־זעגענט מיט זיין געבורטס־שטאָדט.



.7

## „די הוגענאָטען“.

„ראָבערט־טייוועל“ האָט מיט אזא צויבערקראפט געצויגען דעם עולם, דאָס די דירעקציאָן פון דער פּאריזער אָפּערע האָט באַלד בע־שטעלט ביי מעיערבעער'ן א נייע אָפּערע אויף סקריב'ס א ליברעטאָ אונטער דעם נאָמען „די הוגענאָטען“. ער האָט נאַטירליך גלייך אָנ־גענומען דעם פּאָרשלאַג און האָט זיך א נעהם געטאָן צו דער ארבייט מיט גרויס בעגייסטערונג. ער האָט זיך דאן געפיהלט דער גליק־ליכסטער מענש אויף דער וועלט. זיין גרויסער עהרגייץ איז בעפרי־דיגט געוואָרען. זיין נאָמען האָט געקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט. זיין מוזע האָט דערגרייכט ביז צום הימעל, און דער ריעזי־גער ערפאָלג פון „ראָבערט טייוועל“ האָט איהם געגעבען מוטה און בעלעבט. דערצו נאָך איז די ליברעטאָ פון „די הוגענאָטען“ ניט דער ערך בעסער ווי די ליברעטאָ פון „ראָבערט־טייוועל“. סקריב האָט אויך געפיהלט, אז ער דארף שאַפען אזא ליברעטאָ, וואָס זאָל ווירקליך זיין היסטאָריש, דראמאַטיש און שפּאַנענד פאר'ן פּובליקום.

ניט אומזיסט האָט ער אויסגעקליבען די טראגיישע צייט פון דער באַרטהאָלאָמעער נאַכט פאַר די מעכטיגע טענער פון מעיער־בעער'ס מוזיק. דאָ האָט ער געקענט אָנשרייבען א ריהרענדע דראמא און בלייבען אויף א ווירקליך היסטאָרישען באָדען. אין „ראָבערט־טייוועל“ איז פון דער געשיכטע ניט געווען מעהר, ווי דער נאָמען פון דעם העלד; אָבער אין „די הוגענאָטען“ איז פּאָרגע־שטעלט א ריכטיגע היסטאָרישע צייט. דאָרט ווערט איבערגעגע־בען דער געוואַלטיגער און בלוטיגער קאַמפּף צווישען די קאַטאָליקען און פּראָטעסטאַנטען אין פראנקרייך אין 16טען יאהרהונדערט. א קאמפף, וועלכער האָט ארויסגערופען איינע פון די שרעקליכסטע בלוטפערגיסונגען אין דער געשיכטע — די אויסשלאַכטונג אין דער נאַכט פון 24טען אויגוסט, 1572, געגאַנגט לכבוד דעם קאַטאָלישען הייליגען באַרטהאָלאָמעאוס: „באַרטהאָלאָמעער שחיטה“.

אזוי ווי אין „די הוגענאָטען“ האָט מעיערבעער בעזאָנדערס

ארויסנעוויזען זיין זשעניע, און אזוי ווי דיזע אָפּערע איז ניט נור זיין בעסטע און גלענצענדסטע ווערק, זאָנדערן אויך איינע פון די בעסטע אָפּערעס אין דער וועלט, אזעלכע וואָס וועט וואהרשיינליך קיין מאָל ניט אראָבגעהן פון דער סצענע, ווע־לען מיר אין קורצען איבערגעבען איהר אינהאלט.

די טראגעדיע איז ענטוויקעלט ארום דער ליעבע פון דעם הו־גענאָט (פּראָטעסטאנט) ראאול צו דער טאָכטער פון דעם פאנאטי־שען קאטאָלישען פיהרער, גראף סען־ברי.

דער ערשטער אַקט פאנגט זיך אָן מיט א פעסט אין דעם שלאָס פון דעם קאטאָלישען גראף נעווער, וועלכער האָט אויך איינ־געלאדען ראאול'ן אלס צייכען פון פריעדען מיט די הוגענאָטען. די געסט פערברענגען די צייט זעהר לוסטיג און דערצעהלען געשיכ־טען, בעזאָנדערס פון זייערע ראָמאנען. ראאול דערצעהלט דאן, אז גראדע ניט לאנג צוריק האָט ער שפּאצירענדיג בעגעגענט א טראָג־בעטעל, וועלכע איז בעפאלען געוואָרען פון א באנדע יונגע בויאנעס. ער האָט זיך א לאָז געטאָן צו הילפע און האָט פעריאָגט די בויאנעס. נאָר ווי גרויס איז געוועזען זיין ערשטוינונג, ווען ער האָט אויף דעם טראָג־בעטעל דערזעהן א יונגע מיידעל פון בלענ־דענדע שעהנהייט. זי האָט אין איהם אויך גלייך אָנגעצונדען א פלאָם פון ליעבע; אָבער ביז יעצט וויים ער נאָך ניט ווער זי איז. נאָר דיזע ליעבעס־געשיכטען ווערען אונטערבראָכען דורך א דיענער, וועלכער זאָגט אָן דעם בעל־הבית, אז אַן אונבעקאנטע וויל איהם זעהן אין גאָרטען. ער לאָזט זיך ניט לאנג בעטען. ער האָט שוין ניט איין מאָל בעזיעגט ווייבערשע הערצער און ער איז זיכער, אז דאָס איז א נייער ראָמאן. די געסט לויפען צו די פענסטער א קוק טאָן אויף דער אונבעקאנטער דאמע, צווישען זיי אויך ראאול, וועל־כער דערקענט צו זיין שרעק און פערצווייפלונג, אז דאָס איז די ריי־צענדע מיידעל, וועלכע ער האָט געראַטעט פון די בויאנעס. אָבער ער האָט ניט פיעל צייט צו טראכטען וועגען דעם, דען באלד קומט אָן א פּאזש פון דער קעניגין מארגאריטע מיט א בריעף, אין וועלכען מען לאָזט איהם וויסען, דאָס פאר זונען־אונטערגאנג וועט קומען נאָך

איהם איהרער א שליח און וועט איהם אוועקפיהרען מיט פערבונ־דענע אויגען אין איהר פאלאץ. די געסט זיינען איהם זעהר מקנא, רינגלען איהם ארום און בעגריסען איהם מיט אזא גליק. זיי מיי־נען, אז די קעניגען זעלבסט האט זיך אין איהם פערליעבט. בעזאנ־דערס פרעהט זיך זיין דיענער מארסעל, וועלכער איז א פערברענטער הוגענאט און איז זעהר צוגעבונדען צו זיין יונגען הערר. דיזער מארסעל שטעלט פאר א טיפ פון א פייערדיגען הוגענאט, וואס איז בערייט צו געהן אין פייער און וואסער פאר זיין גלויבען און זיין פארטיי. דער אקט ענדיגט זיך מיט דער סצענע, ווי פערמאסקיר־טע מענשען קומען נאך ראאול'ן, פערבינדען איהם די אויגען און פיהרען איהם אוועק צו דער קעניגין.

די געסט האבען אבער געהאט א טעות, ווען זיי האבען גע־מיינט, אז די קעניגין האט געוואלט פערפיהרען א ליעבע מיט דעם יונגען הוגענאט. דער צוועק פון דער זאנדערבארער איינלאדונג, וועלכע שטימט מיט די פיהרונגען פון יענער צייט, איז געוועזן פון איהר זייט נאר א פאליטישער. דאס ערקלערט זיך אין צווייטען אקט, וועלכער פאנגט זיך אן מיט א לוסטיגע סצענע אין דעם גאר־טען פון דער קעניגין'ס פאלאץ אין שענאנסא. איינינע האפדאמען באדען זיך, אנדערע לויפען ארום און שפיעלען זיך אין גארטען. די קעניגין פיהרט אין דער צייט אן ערנסטען געשפרעך מיט איהר געליעבטע האף־פריילין וואלענטינע, וועלכע גיסט אוים איהר הארץ וועגען איהר ליעבע צו ראאול'ן. זי דערצעהלט, אז זייט זי איז גערעטעט געווארען פון דעם יונגען הוגענאט, האט זי אויפגעהערט צו ליעבען איהר חתן גראף נעווער. זיא איז דארום אוועק צו איהם אין שלאס בעטען איהם ער זאל איהר בעפרייען פון איהר ווארט. די קעניגין פערשפרעכט איהר הילפע, דען זי וויל פערבינדען די קאטאלישע פריילין מיט א הוגענאט, אום דורכדעם אבצושוואכען דעם פארטיי־קאמפף צווישען די קאטאליקען און פראטעסטאנטען. דארום הייסט זי עס ברענגען דעם העלד אין איהר פאלאץ. באלד ווי ער ערשיינט פאר דער קעניגין, ערקלערט זי איהם איהר צוועק, און ווען ער שטימט איין חתונה צו האבען מיט א קאטאלישער פריי־

ליין, רופט זי צוזאַמען איהרע האָף־קאַוואַלירען, דאַרונטער אויך די גראַפען נעווער און סען־ברי. דער לעצטער שטעלט פאָר זיין טאָכ־טער ראַאול'ן, וועלכער טרייסעלט זיך אָב פון איהר, ווייל ער האָט איהר געזעהען אין נעווער'ס גאָרטען. ער ענטזאגט זיך מיט איהר חתונה צו האָבען, און וואַלענטינע, וועלכע פערשטעהט ניט די אור־זאַכע, פאַלט אין אָהנמאַכט. איהר פאָטער און גראַף נעווער פער־לאַנגען אַן ערקלערונג. זיי זיינען העכסט אויפגעבראַכט פאַר אַזאַ בעליידיגונג. ראַאול ענטזאַגט זיך אָבער און שווייגט. ער ווייס ניט, אַז וואַלענטינע איז געוועזען נעווער'ס כלה, און ער וויל איהר ניט ארויסגעבען. זיי רופען איהם דאַן ארויס אויף א דועל; אָבער די קעניגין מישט זיך אריין און האַלט אָב דעם דועל דורך דעם, וואָס זי הייסט אַרעסטירען דעם יונגען הוגענאָט. אין דערזעלבער צייט זאָגט זי אָן די צוקאָבטע גראַפען, אַז דער קעניג פערלאַנגט זיי זאָלען דעמזעלבען טאָג קומען אין פּאַריז. זיי ווילען ניט פאָהרען. אָבער זיי האָבען מורא ניט צו פאָלגען. זיי פערלאָזען דארום די קעניגין, נאָר זיי שווערען זיך אָבצורעכענען מיט דעם הוגענאָט.

דער דריטער אַקט קומט פאָר אין פּאַריז. וואַלענטינע, וועלכע האָט פערלאָרען די האָפנונג אויף ראַאול'ס ליעבע, לאָזט זיך איינ־רעדען פון איהר פאָטער התונה צו האָבען מיט איהר פריהערען חתן גראַף נעווער. אויף דער סצענע בעווייזט זיך אַ חתונה־פּראָ־צעסיאָן, וועלכע קומט אריין אין א קירכע. וואַלענטינע בעט גראַף נעווער צו לאָזען איהר אליין אין קירכע נאָך דער צערעמאָניע, דען זי וויל בעטען ביי גאָט טרייסטונג און בערוהיגונג. אין הארצען האָט זי נאָך אלין ליעב ראַאול'ן, אָבוואָהל זי דענקט, אז ער האָט איהר אָבגענאַרט און בעליידיגט. גראַף נעווער גיט נאָך איהר ביטע און געהט ארויס פון קירכע צוזאַמען מיט זיין שווער, גראַף סען־ברי. נאָר ער שטויסט זיך באַלד צוזאַמען מיט מאַרסעל'ן, וועלכער איז געקומען נאָך פּאַריז מיט זיין הערר ראַאול. מאַרסעל דער־לאַנגט דעם גראַף סען־ברי א בריעף פון זיין הערר אין הערצען א צו־ציטערטער, ווען ער דערוויסט זיך פון דעם גראַף, אז דאָס איז אַן אויפפאָדערונג צו א דועל. ער בעשליסט גלייך אויפצופאַסען, אז דער

דועל זאָל ניט געפּאַכטעט ווערן. גראַף סען־ברי זאָגט גאָר ניט זיין איי־דים וועגען די אויפפאָדערונג, אום ניט צו שטערען זיין גליקליכע חתונה. ער געהט אריין מיט זיינעם א מיטהעלפער אין דער קירכע, וואו זיי בעשליסען אומצובריינגען ראאול'ן. וואלענטינע דערהערט זייער געשפּרעך און לויפט ארויס אין שרעק פון דער קירכע. דער־זעהענדיג מארסעל'ן, דערצעהלט זי איהם וועגען די פערשווערונג אויף דעם לעבען פון זיין העררר, אוןביידע מאַכען אָפּ איהם צו רע־טען. דערווייל קומט אָן ראאול און באלד נאָך איהם א באנדע בעוואפענטע מענשען, וועלכע רינגלען איהם ארום און זיין טרייען דיענער מארסעל. דאַן הויבט מארסעל אָן צו שרייען און צו רופען צו הילפע די הוגענאָטען, וועלכע קומען צולויפען און פאנגען אָן א געפעכט מיט די קאטאָליקען. נאָר אין רעכטען מיטען פון דיזען אלגעמיינעם קאמפּף בעווייזט זיך די קעניגין מיט גראַף נעווער, וועלכער איז געקומען אָבנעמען זיין פרוי וואלענטינע. אוים אכ־טונג צו דער קעניגין הערען די געגנער אויף זייער געפעכט און צו־געהען זיך מיט סטראַשונקעס און פיינדליכע אויסרופען.

אין פיערטען אַקט ווייס שוין ראאול, אז וואלענטינע ליעבט איהם. ער גנב'עט זיך אריין אין איהר פּאַלאַץ, אום איהר צו ער־קלערען די אורזאכע פון דער מיספערשטענדניס, צוליעב וועלכע זיי זיינען ביידע אונגליקליך געוואָרען. זיי האָבען אָבער קיין צייט ניט פאר ליעבע, דען גראדע קומען אָן פיעלע קאטאָלישע אדעליגע צו־זאמען מיט די גראַפען סען־ברי און נעווער. סען־ברי ערקלערט זיי דעם פּלאַן ווי אויסצושעכטען אלע הוגענאָטען. גראַף נעווער ענטזאגט זיך אנטייל צו נעמען אין אזא ניעדערטרעכטיגע פערשווע־רונג. ער ערקלערט, אז זיין עהרע ערלויבט איהם ניט צו בעגעהן אזא געמיינעם פערברעכען. ראאול, וועלכער ליגט די גאנצע צייט בעהאַלטען און הערט פון דעם פּלאַן פון דער „בארטהאָלאָמעער שחיטה", וויל ביי די ערשטע געלעגענהייט אוועקלויפען אָנזאָגען זיינע ברידער הוגענאָטען פון דער געפאהר און קעמפּפען מיט זיי צוזאמען אויף לעבען און טויט. וואלענטינע לאָזט איהם אָבער ניט געהן, זי בעט איהם רחמים, מיט טרערען אין די אויגען, ער זאָל ניט

געהן אויף א זיכערען טויט. ער בלייבט שטעהן א מינוט, ניט ווי־סענדיג וואס צו טאן, נאר ווען ער דערהערט פון גאס געשרייען פון אטאקע און קרעכצען פון די בעפאלענע אפפער, שפרינגט ער ארוים דורך א פענסטער און לאזט איבער זיין געליעבטע אליין.

דער פינפטער און לעצטער אקט שטעלט פאר די שרעקליכע בארטהאלאמעער נאכט. וואלענטינע פאלגט נאך ראאול׳ן און גע־פינט זיך דארום אין די רייהען פון די הוגענאטען. איהר עדלער מאן פאלט אין א געפעכט, ווען ער וויל פערטהיידיגען מארסעל׳ן, וועלכער קעמפפט ווי א לייב. גראף סען־ברי איז דער אנפיהרער פון א באנדע קאטאליּשע פאנאטיקער, וועלכע שעכטען הוגענאטען אהן ערבארמען. ער הייסט זיי שיסען אויף אלע הוגענאטען, און איינע פון די ערשטע קוילען טרעפט גראדע זיין טאכטער, וועלכע פאלט א טויטע.

דאס איז א גרויסע דראמע, וועלכע ווערט מיט אנדערע איינ־צעלהייטען אויך געשפיעלט אהן מוזיק. מעיערבעער האט זיך מיט בעגייסטערונג אנגעכאפט אן אזא געלעגענהייט צו בעווייזען זיין דראמאטישע קראפט אין מוזיק. ער האט געארבייט ליידענשאפט־ליך, און דער אונגעהייערער ערפאלג פון דער אפערע איז געווען זיין פערדיענטע בעלוינונג. ווען מען וויל ריכטיג אורטהיילען מעיערבעער׳ן און זיין מוזיק, דארף מען שטודירען דיזע אפערע, וועלכע איז זיין קרוינונגס־ווערק. ווען ער וואלט מעהר גאר ניט קאמפאנירט, וואלט ער זיך אונשטערבליך געמאכט בלויז מיט „די הוגענאטען", אזוי ווי גונא מיט זיין בעסטע אפערע „פאוסט". דאס זיינען אמת׳ע בעגייסטערטע ווערק פון צוויי גרויסע מוזיקאלישע זשעניען.

די פראנצויזישע צייטונגען זיינען פול געווען מיט איינצעל־הייטען און בעריכטען וועגען דיזע גלאנץ־אפערע נאך לאנג איידער מען האט איהר איבערגעגעבען די ארטיסטען צום שטודירען. אין דער צייט, ווען מעיערבעער האט שוין אויסגעקליבען די ארטיסטען, נאטירליך, די בעסטע און פאסענדסטע, האט עס גראדע געטראפען, אז זיין פרוי איז ערנסט קראנק געווארען און האט געמוזט אוועקגע־

פיהרט ווערען אין א קורבאד. מעיערבעער האט געהאט אויסצו־
קלייבען צו צאהלען 30.000 פראנק שטראף פאר ניט שטעלען די
אפערע אין צייט אדער לאזען זיין פרוי אין פרעמדע הענד. ער האט
בעשלאסען בעסער צו פערלירען 30.000 פראנק צו דער גרעבסטער
אינצופריעדענהייט פון דער אפערע־דירעקציאן. זיין פרוי האט זיך,
צו אלגעמיינער צופריעדענהייט, שנעל ערהאלט, און אין פעברואר,
1836, האט מען ענדליך געקענט געבען די ערשטע פארשטעלונג פון
„די הוגענאטען". דער דירעקטאר, וועלכער האט פאראויסגעזעהען
א גרויסען פערדיענסט, איז געווען גרויסמיטהיג גענוג אומצוקעה־
רען די 30.000 פראנק דעם איבערגליקליכען קאמפאזיטאר.

דער בעסטער און ערפאלגרייכסטער נומער פון דיזער גלענ־
צענדער אפערע איז דער דועט פון ראאול און וואלענטינא אין פיער־
טען אקט. דאס ווערט אנערקענט פון אלע מוזיקאלישע קריטיקער.
אבער ערשט נאך דער פארשטעלונג האט מען זיך דערוואוסט, אז
דיזער דועט איז געשאפען געווארען אין א הייסער מינוט גראדע
מיט א טאג פאר דער פארשטעלונג.

דאס האט פאסירט אזוי: נאך דער לעצטער אלגעמיינער
רעפעטיציע איז מעיערבעער געקומען צו זיין נאהענטען פריינד
הוען זעהר א דערשלאגענער און בלייכער.

— אה, די אפערע וועט דורכפאלען, האט ער אויסגעשריען אין
פערצווייפלונג און האט זיך אראבגעלאזען אויף א שטוהל אן אויס־
געמאטערטער. — אלעס געהט קאפויר. נורי ערקלערט, אז ער וועט
קיינמאל ניט זיין אין שטאנד צו זינגען דעם לעצטען נומער פון
פיערטען אקט, און אלע גיבען עס צו. וואס זאל איך יעצט טאן?

— ווארום זאלט איהר ניט אנשרייבען א נייע אריע? האט
דער פריינד געפרעגט.

— דאס איז אונמעגליך. סקריב ענטזאגט זיך צו ענדערן יעצט
אפילו אייןווארט אין דער ליברעטא.

— אזוי גאר! וויפיעל ווערזען דארף מען האבען?

— ניט פיעל, בלויז פיר די אנדאנטע.

— גוט, ווארט נאָר דאָ עטליכע מינוט. איך וועל שוין אויפ־זוכען א פּאָעט.

עס איז שוין געווען 11 אוהר ביי נאַכט, אָבער מעיערבעער׳ס טרייער פריינד האָט זיך א לאָז געטאָן צום פּאָעט עמיל דעשאַן, ווע־מען ער האָט גראָדע געפונען צו הויזע און האָט איהם גלייך מיטגע־בראַכט. דער פּאָעט האָט זיך אַ נעהם געטאָן צו דער פעדער, און דער קאָמפּאָזיטאָר צו דער פיאנאָ. אין אונגעפעהר פיער שטונדען איז אזוי געשאַפען געוואָרען א נייער דועט. מעיערבעער האָט אַן אויג ניט צוגעמאַכט דיזע נאַכט, און ווי נאָר עס האָט אָנגעפאַנגען צו טאָגען, האָט ער זיך ארייגעריסען צום זינגער נורי מיט׳ן דועט אין האַנד.

— פּרובירט נור זינגען, פּיעלייכט וועט אייך דיזער דועט גע־פעלען ווערען בעסער ווי דער ערשטער — האָט ער מיט גרויס אויפ־רעגונג אויסגעשריען.

דער פערשלאָפענער נורי האָט איבערגעקוקט דעם דועט, גע־נומען זינגען, און ווי נור ער האָט געענדיגט, האָט ער ארומגעכאַפּט דעם קאָמפּאָזיטאָר און אויסגעשריען:

— אָט דאָס איז וואָס מען דאַרף! דאָס הייסט אַן אונגעהייערער ערפאָלג! איך פערזיכער אייך, איך שווער עס! לויפט גלייך אָנשרייבען אלעס וואָס איז נויטיג פאר דעם אָרקעסטער. פערליערט ניט א מינוט!

דיזער דועט איז אַזוי געזונגען געוואָרען דעם זעלבען אבענד. איידער דער פאָרהאַנג האָט זיך אראָבגעלאָזען נאָך דעם פיערטען אַקט, איז דער קאַפּעלמייסטער גאַבענעק ארויפגעשפּרונגען אויף דער ביהנע אונטער די דונערנדע אַפּלאָדיסמענטען פון פּובליקום און האָט ארומגענומען ראַאוּל׳ן (נורי) און וואַלענטינע (מאַדאַם פאַלקאָן). אלע צוזאַמען, די זינגערס, די כאָריסטען און מוזיקאַנ־טען, האָבען ארויסגעטראָגען דעם קאָמפּאָזיטאָר אויף דער ביהנע און איהם מיט דער גרעסטער פריידע בעגריסט אין דער צייט, ווען דאָס גאַנצע פּובליקום האָט געשטורמט מיט אַפּלאָדיסמענטען און בראַוואָס.

אין דער גאַנצער וועלט האָט עס אין אַ קורצער צייט אָבגעקלונ־ גען מיט די אריעס פון „די הוגענאָטען". דיזע אָפּערע איז שנעל געוואָרען פּאָפּולער אין אַלע לענדער, אפילו אין דייטשלאַנד, וואו די קריטיקער זיינען געקראָכען פון הויט אָבצוקיהלען די בעגייסטע־ רונג פון פּובליקום. דיזע קריטיקער האָבען וויעדער נור געזוכט פעהלערען און שוואכע זייטען, אָבוואָהל זיי האָבען געמוזט צוגעבען, אז עס איז שווערער צו געפינען אזעלכע ווי אין „ראָבערט־טייוועל".

אין זייער האַס צום „פערדעטהער", וועלכער האָט מיטגעריסען אַ וועלט פאר זיין מוזיק, האָבען זיי ניט געוואָלט זעהען, אז די אריען פון די הויפּט העלדען אין „די הוגענאָטען" זיינען ניט נור מעלאָדיש און ריהרענד אין העכסטען גראַד, זאָנדערן ענטשפּרעכען אויך זייער כאראַקטער. מען דאַרף ניט וויסען, צום ביישפּיעל, ווער מארסעל איז, מען קען איהם פערשטעהן נאָך די טענער און אריעס, וואָס מע־ יערבעער האָט איהם אריינגעלייגט אין מויל. דאָס נעמליכע קען מען זאָגע וועגען וואַלענטינע, סען־ברי און ראַאול. וואָס אנבעלאַנגט צום אויבען־דערמאָנטען דועט אין 4טען אקט, זאָ האָט אַ בעוואוסטער מוזיקאַנט און קריטיקער ערקלערט, אז „דאָס איז איינער פון די בעסטע שירים פון ליעבע. דער קאָמפּאָזיטאָר האָט עס ארויסגעריי־ סען פון זיין הארצען און אַ שליידער געטאָן צאַפּלענדיג אויף דער סצענע."

שוין באַלד 60 יאָהר זיינען פאַראיבער נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג פון „די הוגענאָטען", און דאָך בלייבט דיזע אָפּערע איינע פון די אנציהענדסטע און בעליעבטעסטע אין אַלע לענדער. ווער ווייסט וויפיעל מאָל זי איז שוין אויפגעפיהרט געוואָרען אין דער וועלט ?

.8

## זיין מוזיקאַלישע טהעטיגקייט אין בערלין.

א קורצע צייט נאָך דער אויפפיהרונג פון „די הוגענאָטען" האָט מעיערבעער בעזוכט זיין מוטער אין בערלין און האָט אויסגעפונען א סיוזשעט פאר א נייע גרויסע אָפּערע. נאָך דיזען סיוזשעט האָט סקריב אָנגעשריעבען „די אפריקאנערין". נאָר דיזעס מאָל האָט מעיערבעער פערלאנגט אזוי פיעל ענדערונגען, אז סקריב האָט פער־לאָרען די געדולד און האָט זאָגאר געסטראשעט מיט א פּראָצעס.

זיי וואָלטען זיך אין גאנצען צוקריעגט, ווען מעיערבעער וואָלט ניט איינגעלאדען געוואָרען פון פּרייסישען קעניג פריעדריך וויל־העלם צו פערנעמען דעם פּלאַץ פון גענעראל־מוזיק־דירעקטאָר. אין דערזעלבער צייט האָט איהם דיזער קעניג אויך בעעהרט מיט א גרויסען אָרדען. מעיערבעער האָט אָנגענומען דיזע הויכע שטעלע, נאטירליך ניט צוליב די געהאלט (דאָס האָט בעטראָפען סך הכל 4000 טהאלער, און מעיערבעער האָט עס געשאָנקען דעם אָרקעס־טער), נאָר אום צו ערגערען זיינע בייזע קריטיקער. ער האָט עס מיט רעכט בעטראכטעט פאר א זיעג נאָך די אונאויפהערליכע אטאַ־קעס פון די דייטשע קריטיקער און קאָמפּאָזיטאָרען.

אין בערלין איז ער צו דער צייט געווען א ליעבלינג פון קעניג און פון גאנצען פּובליקום. דער קעניג פלעגט איהם אָפטמאָל איינ־לאדען צו זיך אויף א מאָהלצייט און זיי פלעגען זעהר אנגענעהם פערברענגען די צייט. די פּרינצען, פּרינצעסינען און פיעלע העפ־לינגע זיינען דאן גראדע געווען ליעבהאָבערס פון מוזיק און זיי האָ־בען אויף איהם געקוקט ווי אויף א גאָט.

דאָך האָט עס איהם געצויגען נאָך פאריז, וואו דער קלימאט האָט אויך געשטימט מיט זיין נאטור. ער איז אימער געווען א שוואכער, און אין בערלין האָט ער זיך פיעל ערגער געפיהלט ווי אין פאריז. דערצו נאָך איז ער ניט געווען געשאפען פאר א לעבען אין א קעניגליכען הויף, וואו אינטריגען ווערען א צווייטע נאטור. ער האָט זיך דארום אָבגעזאָגט פון דעם אמט, אָנהאלטענדיג נאָר דעם

טיטול, ווי דער קעניג האָט עס געוואונשען. ער האָט זיך ווידער בעזעצט אין פאריז, נאָר אויף א קורצע צייט פלעגט ער קומען נאָך בערלין צו דיריזשירען זיינע אייגענע אָפּערעס אָדער וויכטיגע קאָנצערטען אין קעניגליכען הויף. מען האָט איהם געהאַלטען פאר אַן אויסגעצייכענטען קאַפּעלמייסטער, נאָר ער האָט פיינט געהאַט אוועקצונעהמען צופיעל צייט און די רעפּעטיציעס פלעגען איהם אויך זעהר ערגערן. „די רעפּעטיציעס פלעגען מיך אָפּט קראַנק מאַכען,“ האָט ער ערקלערט. דערצו האָט ער געפיהלט, אז ער איז א צו ווייכער מענש צו האַלטען אין צוים די ארטיסטען. ער האָט פּראָטעסטירט געגען די בעהויפּטונג, אז א קאַפּעלמייסטער מוז זיין גראָב צו די ארטיסטען; אָבער ער האָט צוגעגעבען, אז מען מוז זיך אַזוי פיהרען, דאָס זיי זאָלען אכטען און ליעבען דעם קאַפּעלמייסטער, אָבער אויך מורא האָבען פאר איהם.

ער איז געווען צו גוטהערציג און העפליך, אז מען זאָל פאר איהם זיך שרעקען. דערפאר האָט מען איהם זעהר שטאַרק געליעבט. די מוזיקאנטען האָבען איהם איינפאך פערגעטערט, ווייל ער האָט זיי אויך פינאַנציעל געהאָלפען. ער האָט איבערהויפּט גרויסמוטהיג געשטיצט אַרטיסטען, קאָמפּאָזיטאָרען און דראַמאַטורגען, אַפילו זיינע געגנער. ער האָט, צום ביישפּיעל, אויסגעפיהרט, אז די קאָמפּאָזיטאָרען און פערפאַסערס זאָלען קריעגען צעהן פּראָצענט פון די איינגאַהמען און אם וויינינגסטענס דריי נייע דייטשע אָפּערעס זאָלען געשטעלט ווערען יעדען יאָהר. ער פלעגט אויך אָפּט געבען קאָנצערטען פאר וואָהלטהעטיגע צוועקען.

ארום דער צייט האָט ער צום אַנדענקען פון זיין פערשטאָרבענעם ברודער קאָמפּאָנירט מוזיק צו דער טראַגעדיע „סטרוענזע“. דאָס איז געווען איינע פון די בעסטע פּאָעטישע ווערק פון זיין אונגליקליכען ברודער, און ער האָט אויך געוואָלט דערפרעהען זיין מוטער מיט פּאַסענדע מוזיק צו דיזער היסטאָרישער טראַגעדיע. (סטרוענזע איז געווען א ליבעראלער הויפּט־מיניסטער פון דענעמארק, דאָט געקעמפּפט געגען די יעזואיטען און איז געקעפּט געוואָרען אין 1772טען יאָהר.) דיזע מוזיקאַלישע שטיק איז אויפגעפיהרט

געוואָרען אין בערלין אין 1846; אָבער מעהר ווי די אָווערטורע ווערט יעצט ניט געשפּיעלט אויף קאָנצערטען. דיזע אָווערטורע געהערט צו די בעסטע אין דער מוזיק.

דער קעניג פריעדריך־ווילהעלם האָט איין מאָל געבעטען מעיער־בעער'ן קאָמפּאָנירען מוזיק צו א גריכישע טראגעדיע. דער קאָמ־פּאָזיטאָר האָט געמאכט א פּראָבע, אָבער ער האָט עס באלד אויפ־געגעבען, דען ער האָט קיין לוסט געפיהלט דערצו. דאָס איז ניט געווען אין זיין כאראקטער. אין א בריעף צו זיינעם א פריינד שרייבט ער וועגען דעם אזוי: „ניין, איך האָב קיין חשק צו שריי־בען מוזיק צו קלאסישע טראגעדיען און סיוזשעטען, ווי מענדעלס־זאָהן. אריינגעבען אונזערע מאָדערנע מוזיק די העלדען פון די אלטע צייטען איז, נאָך מיין מיינונג, אַן אונזין. די יעצטיגע פּאָעטען און קאָמפּאָזיטאָרען, וואָס האָבען פּרובירט זייערע קרעפ־טען אין קלאסישע סיוזשעטען, האָבען אונז ניט פאָרגעשטעלט גריע־כען, רוימער און אלט־דייטשע העלדען, זאָנדערן אזעלכע מאָדערנע מענשען, ווי מיר זיינען. ווען מען וויל שאפען אזא מוזיק, ווי די גריכען און רוימער האָבען געהאט, איז עס איינפאך לעכערליך און צייגט נאָר אויף אונוויסענהייט וועגען די געשיכטע פון קולטור. די אמאָליגע פעלקער האָבען ניט געהאט אזא מוזיק, וועלכע מען זאָל ווי ניט איז קענען פערגלייכען מיט אונזערע."

מעיערבעער איז דאָ געווען אזוי איינזייטיג, ווי מענדעלסזאָהן און שומאן, וועלכע האָבען איינפאך ניט געקענט פערטראָגען זיין מוזיק. ער האָט ניט געוואָלט נעהמען אין אנבעטראכט, אז דער פּאָעט און קאָמפּאָזיטאָר דריקען שטענדיג אויס אין זייער ווערק דאָס, וואָס זיי פיהלען אליין. ווען מיר הערען מענדעלסזאָהן'ס אָן אראטאָריע, צום ביישפּיעל, „אליהו הנביא", פערשטעהען מיר גאנץ גוט, אז אליהו מוז אויסדריקען זיינע געפיהלען אין מוזיקאלישע טענער אנ־דערס, ווי ראאול אין „די הוגענאָטען". מיר פערלאנגען נאָר, אז דער קאָמפּאָזיטאָר זאָל ווי ווייט מעגליך זיין טריי צו דעם כא־ראקטער פון זיינע העלדען און אונז עס מאכען פיהלען. מעיער־בעער'ס גייסט איז איינפאך געווען ווייט פון קלאסישען און עס

האָט איהם געצויגען פאָרצושטעלען מאָדערנע כאַראַקטערען און בילדער.

צו דער צייט האָט ער קאָמפּאָנירט די אָפּערע „דער לאַגער אין סילעזיען", וועלכע איז געשפּיעלט געוואָרען ביי דער ערעפנונג פון נייען אָפּערן־טהעאַטער אין בערלין. די ליברעטאָ איז געשריעבען געוואָרען פון א דייטש און די מוזיק איז קאָמפּאָנירט געוואָרען נאָך דער דייטשער שולע. דארום האָט דיזע אָפּערע, וועלכע בעציהט זיך אויף געוויסע פּאַסירונגען אין דעם לעבען פון פריעדריך דעם גרויסען, וויינינגער ערפאָלג געהאַט אויסערהאַלב דייטשלאַנד. שפּעטער האָט מעיערבעער איהר געענדערט אזוי, אז פון פריעדריך דעם גרויסען איז געוואָרען פּעטער דער גרויסער, און די דייטשע העלדען זיינען אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין רוסישע. מען האָט דאָן אויפגעפיהרט די אָפּערע אין פּאַריז און אין פיעלע אנדערע ערטער אונטער דעם נאָמען „נאָרד־שטערן".

אין 1847 האָט ער בעזוכט לאָנדאָן, וואו ער האָט דיריזשירט זיינע אָפּערעס, און נאַכהער האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אין בערלין, וואו ער האָט געהאָלפען אויפפיהרען ריכאַרד וואגנער'ס אָפּערע „ריענזי". טראָץ דיזע געפעליגקייטען האָט איהם שפּעטער דיזער יודענפיינדליכער קאָמפּאָזיטאָר ניט נאָר אונגערעכט קריטיקירט, זאָנדערן אויך געמיין געזידעלט.



.9

## „דער פראָפעט“.

נאָך דער פאָרשטעלונג פון וואגנער'ס „ריענזי“ אין בערלין איז מעיערבעער אוועק נאָך פאריז צו שטעלען זיין אייגענע אָפּערע. דאָס איז געוועזן דער „פּראָפּעט“, וואָס ווערט מיט רעכט אָנגענומען אלס זיין בעסטע אָפּערע נאָך „די הוגענאָטען“. די ליברעטאָ איז אָנגעשריעבען געוואָרען פון סקריב'ן, מיט וועלכען דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געשלאָסען שלום. די ליברעטאָ פון „פּראָפּעט“ איז געשריעבען נאָך סקריעב'ס געשמאק און דראמאטישער קונסט. דער אינהאלט איז א דראמאטיש־היסטאָרישער. איינע פון די מערקווירדיגסטע פּאסירונגען אין דער געשיכטע פון דייטשלאנד ווערט דאָרטען געשילדערט. דאָס איז נעמליך דער אויפשטאנד פון די בויערן געגען די פּריצים אונטער דער פיהרונג פון דער רעליגיעזער סעקטע אנאבאפּטיסטען אין 16טען יאהרהונדערט. זיי זיינען געוועזן פאנאטיקער מיט סאָציאל־פּאָליטישע שטרעבונגען. ספּעציעל האָבען זיי אונטערגעהעצט די בויערן געגען די פּריצים אום אליין צו ווערען הערשער.

אונטער דער לייטונג פון זייער הויפּט־פיהרער אָדער פּראָפּעט מאטהעאוס האָבען זיי איינגענומען די שטאָדט מיונסטער און פערינגט פון דאָרטען דעם קאטוילישען ביסקופּ. נאָך זיין טויט איז דער פּראָפּעט פון די אנאבאפּטיסטען געוואָרען א געוויסער יאָהאַן, וועלכער איז בעקאנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען יאָהאַן פון לעידען, ווייל ער איז געבאָרען געוואָרען אין דער שטאָדט לעידען. מען ווייס ניט אויף זיכער, אויב ער איז פריהער געוועזן א שענקער אָדער א שניידער; נאָר אין די רייהען פון אנאבאפּטיסטען האָט ער זיך אזוי אויסגעצייכענט, אז ניט נאָר האָבען זיי איהם אנערקענט פאר זייער הויפּט־פּראָפּעט, זאָנדערן איהם נאָך ערלויבט צו זאלבען זיך אלס קעניג. מיט די גרעסטע צערעמאָניעס איז ער געקרוינט געוואָרען אין מיונסטער, וואו ער האָט געהערשט ווי אן אזיאטישער דעספּאָט. ער האָט געפּרעדיגט קאָמוניזמוס ניט נאָר

פון אייגענטהום, זאָנדערן אויך פון פרויען. זיינע אנהעננער האָבען זיך צולאָזען איבער אלע שטעדט און דערפער ארום צו פרעדיגען די רעליגיעזע, פּאָליטישע און קאָמוניסטישע שטרעבונגען פון זייער סעקטע.

דער פעריאָגטער ביסקופ האָט צוזאמענגעקליבען א מחנה און בעלאַגערט די שטאָדט. יאָהאַן פון לעידען האָט מוטהיג געקעמפפט און איז איינפאך פערגעטערט געוואָרען פון די אנאבאפטיסטען אָין איבערהויפּט פון פראָסטען פאָלק. ענדליך איז ער פעררעטהען געוואָרען פון איינעם פון זיינע אדיוטאַנטען און איז אויסגעגאַנגען נאָך שרעקליכע פייניגונגען אין 1536טען יאָהר.

די גאַנצע בעוועגונג איז נאכהער אונטערדריקט געוואָרען אין טייכען בלוט. וועגען זיין פערזאָן ווייס מען גאַנץ ווייניג. זיינע געגנער האָבען איהם זיכער ניט ווייניג פערלוימדעט. זיי האָבען איהם פאָרגעשטעלט אלס אן אויסוואורף און דערצעהלט, אז ער האָט אין זיין פּאַלאַץ איינגעפיהרט א גרויסען האַרעם אזוי ווי א טערקי־שער סולטאַן. עס איז גיכער אָנצונעהמען, אז ער איז געווען א פאַ־נאַטישער אנאבאפּטיסט, וואָס האָט געוואָלט פערבעסערען די לאַגע פון די אונגליקליכע בויערן דורך די איינפיהרונג פון רעליגיעז־קאָמו־ניסטישע געמיינדען.

יעדענפאלס האָט זיך סקריב זעהר פיין בענוצט מיט דיזע מערקווירדיגע היסטאָרישע פּאַסירונגען פאר זיין ליברעטאָ און מע־יערבעער נאָך בעסער פאר זיין מוזיק. צוליעב סצענישע עפעקטען האָט זיך סקריב אָפט אָבגעזאָגט פון היסטאָרישע וואהרהייט און איז פערקראָכען אין פאַנטאַזיעס. בעזאָנדערס דער לעצטער אקט, וואו עס ווערט פאָרגעשטעלט, ווי יאָהאַן פון לעידען ווערט געטויטעט אונטער די חורבות פון זיין פּאַלאַץ אין רעכטען מיטען פון א לוסטי־גען פעסט, שטימט גאָר ניט מיט די געשיכטליכע פאַקטען. דער־פאר איז אָבער די סצענע זעהר עפעקטפאָל און „נעהמט דאָס פּובליקום".

מעיערבעער האָט ווידער ארויסגעצייגט זיין זשעניע אין דראַ־מאַטישע מוזיק; אָבער טראָץ דעם, וואָס פיעלע שטעלען זיינען

בריליאנט און די אריעם זעהר ריהרענד און כאַראַקטעריסטיש, פיהלט מען דאָך, אז די מוזע האָט אין אלגעמיינען ניט אזוי בע־גייסטערט דעם קאָמפּאָזיטאָר ווי ביי „די הוגענאָטען“. די מערק־ווירדיג גלענצענדע סצענישע עפעקטען פערדעקען אָפט שוואכע מוזי־קאלישע טהיילען אין דיזער אָפּערע.

יעדענפאלס האָט דער „פּראָפעט“ ניט וויינינגער ערפאָלג גע־האַט ווי „די הוגענאָטען“. אין צייטונגען, אין קאַפעס, אין סאלאָ־נען האָט מען אזוי פיעל גערעדט וועגען מעיערבעער'ס נייע אָפּערע וואָס וועט נאָך איבערטרעפען אין גלאַנץ „די הוגנאָטען“, אז דאָס פובליקום האָט געשטורמט דעם טהעאטער צו קריגען בילעטען.



## ראָסיני'ס קנאה, „קלאַקערס" און „גענעצערס".

זיין רייכטהום האָט געגעבען מעיערבעער'ן די מעגליכקייט צו שטעלען זיינע אָפּערעס מיט אַזאַ גלאַנץ און לוקסוס, וועלכע זיינען געווען גאַנץ אונגעוועהנליך אין יענער צייט. ער פלעגט זיך קאָנען קאָסטען אַ סך געלד ניט נאָר צו קריגען די בעסטע ארטיסטען און דעקאָראַציאָנען, זאָנדערן אויך צו האָבען זיינע זשורנאַליסטען, וועלכע פלעגען פערנאַנדערפּויקען בעצייטענס, וואָס ער האָט נור געוואָלט. מיט דער הילפע פון זשורנאַליסטען און מוזיקאַלישע קריטיקער פלעגט ער שטענדיג קענען געווינען דאָס פּובליקום אויף זיין זייט און שאַפען דיא עפענטליכע מיינונג. מען זאָגט, אַז ער האָט אָרגאַניזירט אַ גאַנצע קאַנצעלאַריע צו רעקלאַמירען זיינע אָפּערעס. היינריך היינע, וועלכער האָט איהם פערעהרט פאר זיין טאַלאַנט, מאַכט פון דעםטוועגען שפּאַס וועגען דיזע זיינע שוואַכע זייט. „מעיערבעער," שרייבט ער, „איז ניט נאָר דער מוזיקאַלישער דירעקטאָר, זאָנדערן אויך דער קאַפּעלמייסטער פון זיין שם. ער דערלאַנגט נאָר אַ מאַך מיט'ן קאָפּ, און אַלע טרומייטערס פון די גרויסע צייטונגען בלאָזען זיינע שבחים; ער גיט נאָר אַ מאַך מיט'ן אויג, און אַלע פידלען שפּיעלען איהם אַ לויב־געזאַנג; ער דערלאַנגט נאָר אַ שמייכעל, און אַלע פּויקעלאַך פון די פּעליטאָניסטען פערהילבען די וועלט מיט זיין נאָמען."

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס זיינע אָפּערעס האָבען איבעראַל געצויגען מאַסען מענשען און זיינען איבעראַל באַלד געשפּיעלט געוואָרען, וועהרענד אַנדערע גרויסע קאָמפּאָזיטאָרען האָבען געמוזט אויסשטעהן פיעל צרות און לאַנג וואַרטען ביז זייערע אָפּערען פלעגען דערלעבען צו זעהען דעם שיין פון דער ביהנע. נאַטירליך, זיי האָבען איהם מקנא געווען, און פיעלע פון זיינע פריינד זיינען געוואָרען זיינע ביטערע שונאים, ווען זיין שטערן האָט איבערגעגלאַנצט זייערע. אפילו דער געניאַלער ראָסיני האָט ניט געקענט פערטראָגען, וואָס זיין „שילער" האָט איהם אריבערגעיאָגט, און ביי

יעדער געלעגענהייט פלעגט ער איהם זוכען קליין צו מאכען און זאָגאר צו זידלען. ראָסיני האָט דערביי געצייגט, אז זיין פּראָסטע אָבשטאמונג רופט זיך אָב אין איהם. דער גוטהערציגער און אריסטאָקראטישער מעיערבעער האָט זיך געהיט צו זאָגען א בייז וואָרט וועגען ראָסיני. ער פלעגט איהם שטענדיג אָבגעבען דעם גרעסטען כבוד. ער פלעגט איהם אין געשפּרעכען און בריעף רופען: „געטליכער" אָדער „אונשטערבליכער מאעסטראָ".

נאָר דאָס האָט פון דעסטוועגען איהם ניט אָבגעהאַלטען אונטערצושיקען „גענעצערס", ווען מען פלעגט שפּיעלען ראָסיני'ס אָפּערעס. ווי בעוואוסט, איז אין פּאַריזער טהעאַטערס איינגעפיהרט צו האַלטען געדונגענע בראַוואָ־קלאַפּערס, גענאַנט „קלאַקערס", אום אויפצומונטערן די ארטיסטען און ארויסהעלפען די פערפאסערס. מעיערבעער האָט אויפגעהאַלטען א סך „קלאַקערס" ניט נאָר, אום ארויסצורופען וואָס מעהר אפּלאָדיסמענטען פון פּובליקום, זאָנדערן אויך צו בעזיעגען די „גענעצערס", וואָס זיינע געגנער פלעגען דינגען. ארום יענער צייט האָט מען אָנגעפאַנגען צו געברויכען חברה, וועלכע פלעגען „גענעצען" ביי פאָרשטעלונגען, פאַר א בילעט אָדער א פּאָר פראַנק אַן אבענד, אום דורכצוברענגען א דראמע, א קאָמעדיע אָדער אַן אָפּערע. צווישען די „קלאַפּערס" און „גענעצערס" פלעגט אָפט געפיהרט ווערען א לעבהאַפטער קאמפּף, וועלכער פלעגט זעהר אמוזירען דאָס פּובליקום.

מען דערצעהלט, אז איין מאָל, ווען מען האָט אויפגעפיהרט ראָסיני'ס אָפּערע „סעמיראמידא", איז מעיערבעער אליין געקומען שפּיעלען די ראָלע פון א „גענעצער". אין דער צייט, ווען די אַרטיסטין באָזיאָ האָט געזונגען די בעריהמטע אריע פון „סעמיראמידא", האָט ער זיך אומגעקעהרט אין זיין לאָזשע מיט'ן רוקען צו דער סצענע און האָט אָנגעפאַנגען צו אַפּלאָדירען, אום צו צייגען, אז ער מיינט נאָר צו בעעהרען די פיינע זינגערין. נאכהער האָט ער זיך געמאַכט, אזוי ווי ער איז איינגעשלאָפען פון דער מוזיק. איינער האָט דאַן בעמערקט אין שפּאַס: „בעטראַכט נאָר ווי מעיערבעער שפּאָרט זיך איין א „גענעצער".

ראָסיני איז שליסליך אזוי אין כעס געוואָרען, אז ער האָט מעיערבעער'ן גערופען יודע. איינמאָל, ווען דער דירעקטאָר פון דער פּאריזער אָפּערע האָט געבעטען ראָסיני'ן אָנצושרייבען א נייע אָפּערע, אום איהם צו טרייסטען נאָך מעיערבעער'ס אונגעהויערען ערפאָלג, האָט ער אויסגערופען: „ניין, איך וועל בעסער אָבוואר־טען ביז די אידען וועלען ענדיגען זייער טיוולישע חתונה.“ מען בעהויפּטעט, אז מעיערבעער האָט זיך צוהויינט, ווען מען האָט איהם איבערגעגעבען ראָסיני'ס ווערטער. ער איז איבערהויפּט גע־ווען זעהר עמפּפינדליך, און יעדע בעליידיגונג, בעזאָנדערס ווענען זיין אידישע אָבשטאַמונג, פלעגט איהם זעהר קריינקען און מאַנכעס מאָל אויך ארויסרופען טרערען אין זיינע אויגען.

נאָר אלע זיינע קריטיקער און געגנער זיינען געוועזען מאכטלאָז געגען איהם. ווען ער וואָלט ניט געווען אזוי עמפּפינדליך צו יעדען וואָרט געגען איהם, וואָלט ער זיך איינפאך געקענט אויסלאכען פון זייער צאָרן, וועלכער איז מייסטענס ארויסגערופען געוואָרען פון קנאה. דאָס פּובליקום האָט פעסט געהאַלטען מיט איהם. מען האָט איהם געטראָגען אויף די הענד, בעשאָטען מיט בלומען, פערגעטערט. וואָס קען דען נאָך מעהר צופריעדענשטעלען אַן ארטיסטישע נשמה? ערפאָלג, א גרויסער נאָמען, פערעהרונג, וועלכע ברענגט אויך רייכ־טהום — דאָס איז די העכסטע, אויב ניט די איינציגע שטרעבונג פון אלע קינסטלער.

קיין קאָמפּאָזיטאָר האָט ניט געהאַט אזוי פיעל עהרע ביים לע־בען, אפילו ניט ראָסיני, ווי מעיערבעער. מען האָט איהם אויך בע־שאָטען מיט אָרדענס פון אלע לענדער. דער אוניווערזיטעט פון יענא האָט איהם נאָך בעעהרט מיט דעם טיטעל דאָקטאָר פילאָזאָפיע פאר זיינע גרויסע לייסטונגען אין דער מוזיק. מיט דיזען טיטעל האָט ער בעזאָנדערס שטאָלצירט.

## זיין מוטער׳ס טויט און זיינע לעצטע ווערק.

די צייט האָט זיך גערוקט און האָט ארויפגעלעגט איהר שווע־רען און אונפערמיידליכען שטעמפּעל ניט נור אויף מעיערבעער׳ס ווערק, זאָנדערן אויך אויף זיין קערפּער און געזונד. די אויפרעגונג פאר און נאָך יעדע אָפּערע, זיין אונערזעטליכע יאָגענעס נאָך וואָס מעהר ערפאָלג און בעריהמטהייט האָט זיך גאָר ניט פרעהליך אָבגע־רופען אויף זיין שוואכען גוף. ער האָט געמוזט אָפט פאָהרען זיך קורירען אין בעדער און זיך אויסרוהען. זיין ליעבלינגס קור־אָרט איז געווען ספּאַ אין בעלגיען. פון איין אָפּערע ביז צו דער אנדערער פלעגט אַלץ פאַראיבערגעהן א לענגערע צייט. דאָס איז אָבער ניט געקומען בלויז דורך די נאַטירליכע אָבשוואכונג פון זיין מוזע מיט די יאָהרען, זאָנדערן אויך דורך פערשיעדענע אומשטענדען. ער האָט אייגענטליך קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו ארבייטען, ער איז אימער געווען בעשעפטיגט. אויב ער האָט ניט קאָמפּאָנירט, האָט ער די־ריזשירט זיינע אָפּערעס און אויך געגעבען קאָנצערטען.

נאָך די ערשטע פאָרשטעלונג פון „פּראָפעט“ האָט ער ביז־לעבווייז געאַרבייט צו ענדיגען די אָפּערע „אפריקאַנערין“, וועלכע ער האָט מיט לאַנגע יאָהרען צוריק אָנגעפאַנגען און וועלכע איז ערשט אויפגעפיהרט געוואָרען נאָך זיין טויט. עס איז איהם זעהר שווער אָנגעקומען צו קאָמפּאָנירען דיזע גרויסע אָפּערע אין די על־טערע יאָהרען. די מוזע, וועלכע האָט איהם אזוי קרעפטיג בעגייס־טערט, ווען ער האָט געשריעבען „די הוגענאָטען“, האָט איהם אַלץ מעהר פערלאָזען. ער האָט געשריעבען מיט די לעצטע קרעפטען „די אפריקאַנערין“.

אין דער זעלבער צייט האָט ער קאָמפּאָנירט פערשיעדענע מו־זיקאַלישע שטיקער, געוועהנליך פאַר קעניגליכע פעסטליכקייטען אין פּרייסען. צום ביישפּיעל: צו דער חתונה פון דער פּרייסישער פּרינצעסין קריסטינע האָט ער אָנגעשריעבען דעם „פאַקעלטאַנץ“; צו דער זילבערנער האָכצייט פון קעניג ווילהעלם דער 4טער — א

קאַנטאַטאָ; צו דער עפנונג פון פריעדריך דעם גרויסענס מאָנומענט — א געוויסע מוזיקאַלישע שטיק, וועלכע איז נאַכהער אויפגעפיהרט געוואָרען אין פערשיעדענע שטערט מיט גרויס ערפאָלג אונטער דעם נאָמען „אָדע צו יופיטער“.

דעם 87טען געבורטסטאָג פון זיין מוטער האָט ער בעעהרט מיט מוזיק אויף דעם 31טען קאַפיטעל תהלים. דיעזע קאָמפּאָזיציאָן איז געשפּיעלט געוואָרען אויף א קעניגליכען קאָנצערט אין פּאַלאַץ פון פּאָטסדאַם. אין 1854 האָט ער פערלאָרען זיין הייסגעליעבטע מוטער, און דאָס האָט זיך זעהר שמערצליך אָבגערופען אויף זיין געמיטה און געזונד. דיזע ערעלע פרוי איז בעערדיגט געוואָרען מיט גרויסע צערעמאָניעס. קינסטלער, ליטעראַטען און אויך שטאָדט־בעאַמטע האָבען אנטהייל גענומען אין דער לויה פּראָצעסיאָן, וועלכע איז געשלאָסען געוואָרען פון א מאַסע אידען און אָרימע לייט פון אַלע נאַציאָנען.

אום צו צערשטרויען זיין טרויער, האָט ער זיך גענומען צו רעליגיעזע מוזיק. דאָס פלעגט ער געוועהנליך טאָן, ווען ער פלעגט פיהלען שלעכט און טרויעריג. אין רעליגיעזע מוזיק פלעגט ער געפינען א טרייסט, אָבוואָהל ער איז דערצו ניט געשאַפען געוואָרען און האָט זיך דערמיט גאַנץ ווייניג אויסגעצייכענט.

ווען ער האָט זיך בערוהיגט און געפיהלט בעסער אין געזונד, האָט ער זיך גאָר א נעהם געטאָן אָנצושרייבען א לייכטע אָפּערע נאָך א גאַנץ אַנדער מוסטער. דער רעזולטאַט פון דיזער ארבייט איז די אָפּערע „דינאָרא, אָדער דער יום טוב פון פּלאָערמעל“, וועלכע ווערט נאָך אויך יעצט געשפּיעלט, בעזאָנדערס ווען א גרויסע פּריי־מאַדאָנאַ וויל צייגען איהר שטימע אין קאָלאָראַטור. די שווערע ראָלע פון דינאָרא איז געוועזן ווי געמאָסטען פאַר אדעלינא פּאַטטי, וועלכע פלעגט איהר ליעב האָבען צו שפּיעלען.

דיזע אָפּערע אונטערשיידעט זיך זעהר שטאַרק פון אַלע מעיער־בעער׳ס ווערק. ניט נאָך דער מוזיק און ניט נאָכ׳ן אינהאַלט איז זי עהנליך צו זיינע גרויסע היסטאָרישע אָפּערעס. דער סוזשעט איז א פאַנטאַסטישער, ארויסגענומען פון א דאָרפישע לעגענדע. די

העלדין דינאָרא איז א דאָרף־מיידעל, וועלכע איז ניט נאָר אָרים, נאָר ליידעט אויך פערשיעדענע צרות. איהר הייזעל ווערט פער־ברענט פון א בליץ אין דער צייט, ווען זי געהט אוועק מיט איהר געליעבטען צו א הייליגען קלויסטער. זי ווערט אזוי אָרים, אז איהר געליעבטער ווארפט זי אוועק און טראָגט זיך אָב מיט אַן אַלטען מאַן, וועלכער פערשפרעכט איהם אין א יאָהר אַרום צו ציי־גען דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך א גרויסער אוצר. פון האַרץ־קלעמענגעס געהט זי אַראָב פון זינען, בלאָנדזשעט מיט א ציגעלע איבער די פעלדער, וועלדער און בערג, טאַנצט מיט איהר שאָטען, זינגט משוגענע ליעדער און וואַרט אַלץ אויף איהר געליעבטע;. גראָדע ווען ער קומט אויסגראָבען דעם פערשפראָכענעם אוצר, ברעכט אויס אַ שטורם, און דינאָרא לויפט זוכען איהר ציגעלע אי־בער א בריק, וועלכער פאַלט איין. איהר געליעבטער רעטעט איהר אין דער רעכטער מינוט, און די מעשה ענדיגט זיך גליקליך. דינאָרא ווערט קלאָר און האָט חתונה מיט איהר געליעבטען.

די מוזיק ענטשפּרעכט דיזער פאַנטאַסטישער ליברעטאָ. איי־ניגע אריעס זיינען זעהר שעהן און גלענצענד. בעזאָנדערס אנצי־הענד איז די ראָלע פון דינאָרא. מעיערבעער האָט אָנגעווענדעט זיין גאַנצע קונסט צו שאַפען אַ פּראָבע־ראָלע פאַר אַ פיינע קאָלאָראַ־טור־סאָפּראַנא, און דאָס איז איהם געלונגען. צוליעב דעם האָט דיזע אָפּערע געהאַט א זעהר גרויסען ערפאָלג. דאָס פּובליקום האָט איהר אויפגענומען מיט אזא פריידע ווי אַלע אַנדערע ווערק פון דעם בעליעבטען קאָמפּאָזיטאָר.

נאָך דיזען נייעם ערפאָלג האָט זיך מעיערבעער וויעדער גענו־מען ענדיגען „די אפריקאנערין“. אין דער זעלבער צייט — דאָס איז געווען אין 1859 — האָט ער אויך פערפאַסט מוזיקאַלישע שטי־קער צו עהרע פון די גרעסטע דייטשע פּאָעטען שיללער און געטהע. אין פּאַריז האָט מען דאַן אָרגאַניזירט א הערליכע פעסטליכקייט צו שיללער'ס אנדענקען און מען האָט זיך געווענדעט צו מעיערבעער'ן אָנצושרייבען די מוזיק צו די ווערטער פון דעם פּאָעט פּ ע י. ער האָט עס אָנגענומען מיט דעם גרעסטען פערגניגען, און האָט קאָמ־

פאַנירט א קאַנטאַטאַ און א שיללער־מאַרש, וועלכער איז נאכהער געשפּיעלט געוואָרען אין דער גאַנצער וועלט. נאָך דיזען בעריהמ־טען מאַרש האָט ער זיך מיט גרויס בעגייסטערונג, אַזוי ווי ער וואָלט געווען א יונגערמאַן, גענומען צו קאָמפּאָנירען א רייהע מוזיקאַלישע בילדער אלס אַן אָוּווערטורע צו דער דראַמא „געטהע'ס יוגענד", וועלכע איז אָנגעשריעבען געוואָרען פון דעם פראַנצויזישען דראַמאַ־טורג בלאַז־דע־ביורי און וועלכע האָט געהאַט אַן ערפאָלג אין פּאַריז. ער האָט געוואָלט שאַפען אַ גאַנץ אָריגינעלעס ווערק און אַ מוזיקאַ־לישע פאַנטאַזיע אויף געטהע'ס פּאָעזיען. ער האָט געוואָלט פאָר־שטעלען, אַזוי ווי פאַוסט, מאַרגאַריטע, מיניאָן, דער וואַלד־קעניג א. ז. וו. טראָגען זיך פאר דעם פּאָעט'ס אויגען. אָבער ביז יעצט האָט מען נאָך דיזע קאָמפּאָזיציאָנען ניט געשפּיעלט. מעיערבעער האָט זיך ענטזאַגט איהר איבערצוגעבען דעם דירעקטאָר פון אָדעאָן טהע־אַטער, וואו מען האָט אויפגעפיהרט „געטהע'ס יוגענד". זי איז פערבליבען צוזאַמען מיט דער אָפּערע „יהודית" און איינינע ניט געענדיגטע קאָמפּאָזיציאָנען צווישען די דאָקומענטען, וואָס מעיער־בעער האָט איבערגעלאָזען.

אין 1863 האָט מעיערבעער ענדליך אָנגעפאַנגען צו מאַכען פאָרבערייטונגען צו שטעלען „די אפריקאַנערין", אויף וועלכע ער האָט פיעל מעהר געאַרבייט ווי אויף אירגענד וועלכע פון זיינע גרעסטע ווערק. מיר ווייסען שוין, אז דיזע אָפּערע איז פערצוויגען געוואָרען יאָהרען לאַנג. דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געוואָלט שאַפען אַן אָפּערע, וואָס זאָל נאָך איבערטרעפען „די הוגענאָטען"; אָבער די קרעפטיגע מוזע מיט דער יוגענדליכער בעגייסטערונג האָט איהם שוין לאַנג פערלאָזען, און ער האָט געמוזט אָפט ענדערן און איבער־ענדערן די אריעס. עס איז בעוואוסט, אז ער האָט געאַרבייט מיט גרויס חשק און פריידע צו שענקען דער וועלט אַן אָפּערע, וואָס זאָל בלייבען זיין קרוינונגס־ווערק; אָבער ער האָט ניט דערלעבט איהר אליין צו שטעלען. וויסענדיג גאַנץ גוט, אז נאָך א גרויסע אָפּערע וועט ער שוין ניט זיין אים שטאַנד צו שאַפען אויף דער עלטער, ווען ער איז נאָך דערצו אָפט קראַנק געוואָרען, האָט ער געוואָלט

אויפפיהרען „די אפריקאנערין" מיט דעם גרעסטען גלאַנץ. כמעט א גאנצען יאָהר האָט ער געזוכט פאַסענדע ארטיסטען. ווען ער האָט אזעלכע געפונען, און מען האָט שוין אָנגעפאנגען צו שטודירען און רעפעטירען די אָפּערע, האָט ער איהר געשאָנקען זיין צווייטען פאטערלאנד צום אנדענקען. „די אפריקאנערין" איז אזוי געוואָרען דאָס אייגענטהום פון פראנצויזישען פאָלק.



.12

## זיין טויט און גלענצענדע טרויער־פּראָצעסיאָן אין פּאַריז און בערלין.

נאָך אין רעכטען מיטען פון די לעצטע רעפּעטיציעס איז ער אַזוי קראַנק געוואָרען, אז די דאָקטוירים האָבען באַלד אויפגעגעבען די האָפנונג אויף זיין ערהאָלונג. ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט; אָבער אפילו א פּאָר טעג פאַר'ן טויט האָט ער נאָך דערצעהלט, וואָס פאַר מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציאָנען ער וועט אויספיהרען, ווען ער וועט געזונד ווערען. די דאָקטוירים האָבען איהם אויפגעמונטערט און געטרייסט מיט האָפנונגען, אָבוואָהל זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז זיינע שטונדען זיינען געצעהלטע. כמעט ביז דער לעצטער מינוט איז ער געבליבען ביי'ן פולען פערשטאַנד. דעם 2טען מאַי, 1864, האָט ער פערלאָזען די וועלט, וועלכע ער האָט בעצויבערט מיט זיין מוזיק. טראָץ זיינע פיזישע שוואַכקייטען, אָפטע קראַנקהייטען און שטענדיגע אויפרעגונג, האָט ער דערלעבט ביז אַן אַלטער פון 73 יאָהר. לעבען זיין טויטענבעט האָט ער איבערגעלאָזען אַ בריעף, אין וועלכען ער האָט געבעטען, אז זיין קערפּער זאָל בלייבען ליגען פיער טעג ביז די בעערדיגונג, ווייל ער האָט זעהר מורא געהאַט, טאָמער וועט מען איהם גאָר בעגראָבען לעבעדיגערהייט. זיין לעצטען ווילען האָט מען היילינ אויסגעפיהרט, און די איינוואָהנער פון פּאַריז האָבען געהאַט די געלעגענהייט צו זעהען דעם אויסגעצעהרטען גוף פון דעם אונשטערבליכען קאָמפּאָזיטאָר. מאַסען מענשען זיינען געקומען אָבגעבען דעם לעצטען כבוד זייער געליעבטען אָפּערען־קעניג.

אַ הערליכע לויה האָט מען געמאַכט אין פּאַריז. דער ברייטער און פּראַכטפאָלער בולוואַר ישאַן־זעליזע (עליסעער פעלדער) איז פערנומען געוואָרען פון דעפּוטאַציאָנען פון קאָנסערוואַטאָריעס, טהעאַטערס, מוזיקאַלישע געזעלשאַפטען, און ריעזיגע מאַסען האָבען פערנומען די טראָטואַרען פון אַלע גאַסען, דורך וועלכע די טרויער־פּראָצעסיאָן האָט זיך געצויגען ביז דעם נאָרד־וואָקזאַל, פון וואַנען

מען האָט דעם קערפּער אָבגעפיהרט נאָך בערלין, ווייל מעיערבעער האָט אָנגעזאָגט, אז מען זאָל איהם בעערדיגען לעבען דעם קבר פון זיין געליעבטער מוטער. דער טרויער־וואָגען איז געווען בעציערט מיט שטערען און אָרדענס, וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געקראָגען פון אלע מלכים אין דער ציוויליזירטער וועלט. עטליכע קארע־טען פול מיט די טהייערסטע בלומען האָבען זיך געצויגען נאָך דעם טרויער־וואָגען.

פאָראויס איז געגאנגען דער גראנד־ראבינער פון פּאריז מיט מיטגליעדער פון דער אידישער קאָנסיסטאָריע. נאָך דעם טרויער־וואָגען האָבען געפאָלגט דעפּוטאציאָנען מיט זייערע פלאגען, קינסט־לער, שריפטשטעלער, א מאסע פערעהרער און מיליטער מיט אָר־קעסטערס, וועלכע האָבען געשפּיעלט די מארשען פון מעיערבעער'ס אָפּערעס. אין איין אָרט פון די גרויסע פּאריזער בולווארען איז צו־געקומען א דעפּוטאציאָן פון דאמען און האָט ארויפגעלייגט אויפ'ן ארון בלומענקראנצען. דער ריעזיגער וואָקזאל איז געווען בעצויגען אין טרויער. אין מיטען פון דעם גרויסען זאאל איז אויפגעשטעלט געוואָרען א מזבח מיט א ברענענדען פאקעל. די ווענד זיינען גע־ווען בעציערט מיט שילדען, אויף וועלכע עס זיינען אָנגעשריעבען געווען די נעמען פון מעיערבעער'ס ווערק. ארום דעם מזבח זיינען אויפגעבויט געוואָרען טריבונען מיט פּלעצער פאר די העכסטע בע־אמטע פון שטאָדט, פאר מיניסטערס, סענאטאָרען, דעפּוטאטען און די נעהנטסטע פריינד פון דעם קאָמפּאָזיטאָר, דארונטער אויך זיין פרוי און טעכטער. נאָך תפילות אין העברעאיש און פראנצויזיש האָבען פערטרעטער פון דער רעגיערונג און אקאדעמיעס געהאלטען ריהרענדע רעדעס. דער הויפּטרעדנער איז געווען דער מיניסטער און אקאדעמיקער עמיל אָליוויע.

„די פראנצויזישע נאציאָן בעווײנט דאָ איהר אָנגענומענעם זוהן, מיט וועלכען זי האָט זיך אזוי פיעל יאָהרען געפרעהט," האָט ער געזאָגט. „לאָמיר פון גאנצען הארצען בענשען די בעגייסטערטע מענשען, וועלכע פערטיעפען זיך אין זייער קונסט און טראָגען זיך אוועק אין די העכסטע קרייזען, פון וואנען זיי שיקען אראָב ליעדער

פון פריעדען און טרייסט אין דער צייט, ווען מיר מאכען דורך א ביטערען קאמפף פאר עקזיסטענץ. ניט נאָר בעגיסען זיי אונזער אָבגעמאַטערטען גייסט מיט ערפרישענדע טוי, זאָנדערן דיענען אויך אַלס פערמיטלער צווישען נאַציאָנען. אינטערעסען צוטהיילען פעל־קער, פערעהרונג פון זשעניען פעראייניגט זיי. פּראָפּעטישע מעלאָ־דיען זאָגען פּאַראויס דעם זיעג פון מענשליכקייט..."

ווען דער קערפּער פון דעם אונשטערבליכען קאָמפּאָזיטאָר איז געבראַכט געוואָרען אין בערלין, האָבען מאַסען מענשען בעלאַגערט דעם וואָקזאַל. בערלין האָט ניט געוואָלט אָבשטיין פון פּאַריז אין אָבגעבען כבוד דעם אָפּערן־קעניג, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אין איהר שוים. די בעערדיגונגס־צערעמאָניעס זיינען דארום אויסגע־פיהרט געוואָרען מיט גרויסע פּאַראַדען און לוקסוס. פון גאַנץ דייטשלאַנד זיינען געקומען דעפּוטאַציאָנען פון אַלערליי מוזיקאַלישע געזעלשאַפטען. צווישען די פערעהרער אין דער טרויער־פּראָצעסיאָן זיינען אויך געווען מיטגליעדער פון דער קעניגליכער פאַמיליע און געזאַנדטע פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער. ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג האָבען זיינע ביטערסטע דייטשע קריטיקער געמוזט שוויי־גען. יעצט האָבען זיי שוין קיין אינטערעס געהאַט איהם צו בע־קעמפּפען און פיעלע פון זיי זיינען צוגעשטאַנען צו דעם כאָר פון לויבגעזאַנגען אין אַלע לענדער, וואו זיינע אָפּערעס זיינען נאָר גע־שפּיעלט געוואָרען.

אַ קורצע צייט נאָך דער בעערדיגונג האָט מען צו מעיערבעער'ס עהרע אראַנזשירט א גרויסאַרטיגען קאָנצערט מיט לעבעדיגע ביל־דער פון אַלע העלדען און העלדינען פון זיינע אָפּערעס. אין מיטען פון דער סצענע איז געשטאַנען זיין ביוסט מיט קראַנצען פון לאָר־בער־בלעטער. אין פיעלע שטעדט, אויסער פּאַריז, בערלין און מיי־לאַן, האָט מען געמאַכט עקסטרא פּאָרשטעלונגען צו זיין אנדענקען.

## 13.

## „די אפרעקאַנערין“.

ערשט אַ יאָהר נאָך זיין טויט האָט מען אין פּאַריז אויפגע־פיהרט „די אפריקאַנערין“. זי האָט געהאַט אזא ביעזיגען ערפאָלג, ווי די „הוגענאָטען“ און „דער פּראָפעט“. ניט נאָר אין פראַנקרייך און איטאַליען האָט זי גענומען דעם עולם, זאָנדערן אויך אין דייטש־לאַנד און ענגלאַנד. אין אַ קורצע צייט האָט זי געמאַכט אַ רייזע איבער דער וועלט מיט אַ זעלטענעם טריאומף.

מעיערבעער האָט ניט געקענט ערוואַרטען אַ גלענצענדערן ער־פאָלג פאר זיין לעצטע אָפּערע, וועלכע ער האָט זיך געקליבען צו ענדיגען אין פערלויף פון אונגעפעהר צוואַנציג יאָהר. וויעדער האָט זיך זיין מוזיקאַלישער זשעניע פערבונדען מיט סקריב׳ס האַלב־הי־סטאָרישע, האַלב־פאַנטאַסטישע, אָבער שטענדיג דראַמאַטישע און לעבהאַפטע ליברעטאָס. דער היסטאָרישער פאַקט פון „דער אפרי־קאַנערין“ איז די רייזע פון דעם פּאָרטוגעזער ים־פאָהרער וואַס־ די־גאַמא צו ענטדעקען אַ וועג נאָך אינדיען. ווי בעקאַנט, האָט ער דיזען וועג ענטדעקט ארומפאָהרענדיג גאַנץ אפריקא אין 1598. אָבער אַלע אנדערע איינצעלהייטען אין סקריב׳ס ליברעטאָ האָבען גאָר ניט צו טהאָן מיט דער געשיכטע. עס איז אַ פאַנטאַסטישער ראָמאַן. סעליקאַ, אַ קעניגין פון אַן אינזעל לעבען אינדיען, שטעלט עס פאָר די אַפריקאַנערין. צוזאַמען מיט נעלוסקאַ, איהרען אַן אונ־טערטהאַן, וועלכער ליעבט זי מיט אַ ווילדע ליידענשאַפט, ווערט זי אויף אַן אונבעקאַנטען אופן פערשלעפּט נאָך אפריקא, וואו זיי פאַ־לען אריין אין וואַסקאָ־דע־גאַמאַס הענד אַלס שקלאַווען. אזוי ווי זיי זיינען גאָר ניט ענליך צו די נעגערן, זאָ דענקט דער פּאָרטוגעזער ים־פאָהרער, אַז זיי קומען פון אינדיען. דאָס פערשטאַרקט זיין גלויבען, אַז מען קען צוקומען צו אינדיען מיט אַ שיף אויף אַ גאַנץ אַנדערן וועג ווי קאָלאָמבוס האָט געפּלאַנעוועט, ווען ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבער דעם אטלאַנטישען אָקעאַן און האָט אין מיטען וועג זיך אָנגעשטויסען אויף אַ נייע וועלט — אמעריקאַ.

וואסקא־דע־גאמא קומט דאן צוריק נאָך ליסאבאָן מיט זיינע צוויי זאָנדערבארע שקלאַווען פון אן אונבעקאנטע לאנד און ווענ־דעט זיך צו דער רעגיערונג מיט א ביטע מען זאָל איהם געבען שי־פען פאר זיין געוואגטע רייזע; נאָר אָנשטאָט שיפען קריגט ער א פלאַץ אין די פינסטערע קעלערען פון דער אינקוויזיציאָן, וועלכע ער־קלערט זיין פּלאַן פאר א גאָטלאָזען, א טייוועלשען. מען שפארט איהם איין צוזאמען מיט זיין פּאָאָר שקלאווען. דערביי צייגט זיך ארויס, אז די אפריקאנערין סעליקא איז שטערבליך פערליעבט אין איהר הערר, וועלכער ליעבט גאָר די שעהנע אינעסע, די טאָכטער פון א פּאָרטוגעזער אדעליגען.

אין דער צייט, ווען ער האָט געמאכט זיינע רייזען אין אפריקא, האָט מען אין פּאָרטוגאל פערשפּרייט א קלאנג, אז ער איז אומגעקו־מען און זיין שיף איז געזונקען. דארום האָט אינעסע'ס פאָטער ביי איהר גע'פּועל'ט, אז זי זאָל התונה האָבען מיט א געוויסען דאָן פעדראָ. אָבער זי האָט איהם אזוי ליעב, אז זי ווענדעט אָן אלע איהרע קרעפטען איהם ארויסצורייסען פון דער אינקוויזיציאָן. דאָס געלינגט איהר ענדליך און זי געהט אוועק צוזאמען מיט איהר מאַן אין דער תפיסה, וואו וואסקאָ־דע־גאמא שמאכטעט, אום איהם אָנ־צוזאָגען די פרעהליכע בשורה. ווען זי דערזעהט די שווארץ־חן'עוודיגע סעליקא, ווערט זי אייפערזיכטיג; נאָר וואסקא־דע־גאמא שענקט איהר זיין פּאָאָר שקלאווען, אום איהר צו בערוהיגען. אין דער זעלבער צייט דערוויסט ער זיך, צו זיין גרעסטער פערצווייפ־לונג, אז זיין אינעסע איז שוין א פערהייראַטהע פרוי.

איהר מאַן בענוצט זיך דערווייל צו קריגען וואסקאָ־דע־גאַ־מא'ס פּלענער און קארטען, און אזוי ווי ער האָט א גרויסען איינ־פלוס אין קעניגליכען הויף, קריגט ער דריי שיפען און אַן ערלויבניס צו זוכען א וועג נאָך אינדיען. ער נעהמט מיט זיין פרוי און די געשאָנקענע פּאָאר שקלאַווען אין וועג. נאָר נעלוסקא, וועלכער פיהרט די שיפען, ווייל ער וויים דעם וועג, זוכט נאָר אומצוברענגען די איינראָפּעער, אום סעליקא זאָל פערגעסען אָן איהר געליעבטען. ער קירעווועט אזוי די שיפען, אז צוויי פון זיי געהען אונטער ניט

ווייט פון די ברעגעס פון זיין פאטערלאנד. די איבערגעבליבענע דריטע שיף בעשליסט ער צו פיהרען צו זיין היימאטה, אום זי זאָל אונטערגעהן ניט ווייט פון א שטורמדיגען אָרט, וואו עס וועט איהם ניט שווער זיין צו רעטען זיך און זיין געליעבטע סעליקא.

אָבער אין דער מינוט, ווען די שיף נעהנטערט זיך צום גע־פעהרליכען אָרט און נעלוסקא מיינט שוין, אז אָט איז ער בע־פרייט פון די אייראָפּעער און וועט בלייבען מיט זיין סעליקא, בע־ווייזט זיך פלוצלונג וואסקאָ־דע־גאמא'ס שיף. ווי נאָר ער איז בעפרייט געוואָרען פון דער אינקוויזיציאָן, האָט ער אויספּערקויפט זיין גאנצען פערמעגען און אויף אייגענע הוצאות איינגעריכטעט א שיף, מיט וועלכער ער איז אָבגעפאָהרען שנעל, אום איבערצויאָגען זיין געמיינעם געגנער. דאָך, ווען ער דערזעהט, אז דאָן פּעדראָ'ס שיף איז אין געפאהר צושלאָגען צו ווערען אָן די שטיינער אונטער'ן וואסער אין דעם שטורמדיגען אָרט, וואוהין נעלוסקא פיהרט איהר, לאָזט ער זיין שיף שנעלער, אום אָנצוזאָגען זיין געגנער וועגען די געפאהר; אָבער עס געלינגט איהם ניט צוצוקומען אין צייט, און די שיף קריכט ארויף אויף א שטיין. אין דער זעלבער מינוט כאפּען זיך ארויף א סך אינדוסען אויףביידע שיפען און פאנגען אלע אייראָפּעער.

ווען זיי דערקענען זייער קעניגין סעליקא, ווערען זיי מלא שמחה. אום צו רעטען וואסקאָ־דע־גאמא, ערקלעהרט זי איהם פאר איהר מאן. גראדע ווען מען פראוועט אין איהר פאלאַין די התונה צערעמאָניע, דערהערט וואסקאָ־דע־גאמא טרויעריגע טענער. דאָס זינגט אינעסע, וועלכע איז פעראורטהיילט געוואָרען פון די בראמי־נען פאר א קרבן צו די געטער. ער ווערט פערצווייפעלט, זיין ליעבע צו אינעסען ווערט אויפגעפלאמט, און סעליקא, וועלכע בע־מערקט עס, ווערט מיט א מאָל אזוי גוטהערציג, אז זי אָפּפערט אויף איהר אייגענע ליעבע און הייסט בעפרייען אינעסען. אָנ־פאנגס וויל זי נעהמען בלוטיגע ראַכע פון וואסקאָ־דע־גאמא, אָבער שליסליך הייסט זי איהר טרייען נעלוסקא אוועקפיהרען דעם פאר־טוגעזער קאפּיטאן מיט אינעסע'ן, ווען מען איז געטויטעט גע־

װאָרען פון די אינדוסען, אויף א שיף, אז זיי זאָלען קענען צוריק־פאָהרען נאָך זייער פאטערלאנד. נאטירליך, נעלוסקא טהוט עס מיט דער גרעסטער פרייד, האָפענדיג, אז יעצט װעט סעליקא גע־הערען צו איהם; אָבער ער האָט א ביטערען טעות. זי פיהלט זיך אזוי נידערישלאָגען, איז אין אזא פערצווייפלונג, אז זי זעצט זיך אונטער א גיפטיגען בוים אויף א בארג, פון װעלכען זי קען זעהען די אָפּפאָהרענדע שיף, און אָטהעמט דעם גיפטיגען גערוך פון בוים, ביז זי פאַלט טויט גראדע אין דער מינוט, װען פון דער שיף הערט זיך א קאַנאָנען־שיסעריי אלס צייכען, דאָס מען איז ארויס פון פאָרט.

אָט דאָס איז דער מעלאָדראמאטישער אינהאַלט פון מעיער־בעער׳ס לעצטע אָפּערע. סקריב איז געצוואונגען געװען אזוי פיעל מאָל צו ענדערען די ליברעטאָ, אז פיעלע ערטער קלעפּען זיך אפילו ניט. די סצענישע עפעקטען, די גלענצענדע מוזיק און בעזאָנדערס איניגע מערקווירדיג פיינע און ריהרענדע אריען האָבען פערדעקט און פערדעקען נאָך ביז יעצט פיעלע חסרונות פון „דער אפריקאנע־רין". דארום האָט דיזע אָפּערע שטענדיג אַן ערפאָלג, װען און װאו מען שפּיעלט איהר. זי איז אָנפאַנגס געװען אזוי לאַנג, אז מען האָט איהר ניט געקענט ענדיגען שנעלער װי אין זעקס שטונדען צייט. מען האָט איהר דארום געמוזט פערקירצען און אויפפיהרען אין דער פאָרמע װי מען קען עס יעצט זעהען אין א גוטען אָפּערן־טהעאטער. אָבער צוליעב דעם האָט זי פערלאָרען א סך אין דעם ציזאמענהאַנג פון איהרע טהיילען, װעלכע זיינען אזוי אויך געװען שוואך צוזאמענגעפלאָכטען.

דער פאקט, אז „די אפריקאַנערין" ציהט נאָך יעצט א גרויסען פובליקום, בעווייזט אם בעסטען, װאָס פאר א קראפט מעיערבעער האָט געהאט אין דראמאטישע מוזיק און װאָס פאר א גרויסער מייסטער ער איז געװען אין אָפּערעס.

## מעיערבעער אַלס מענש און אלס קאָמפּאָזיטאָר.

צום שלום ווערען מיר זאָגען א פּאָאר ווערטער וועגען זיין צואה, ווייל זי צייגט, אז דער געניאלער קאָמפּאָזיטאָר איז אויך גע־ווען אַן ערעלער מענש. זיין פערמעגען איז ניט געווען אזוי גרויס, ווי מען האָט עס גערעכענט, ווייל זיינע אָפּערעס האָבען איהם גע־קאָסט א סך געלד און זיין פאמיליע האָט געלעבט זעהר רייך. דאָך האָט ער איבערגעלאָזען 10.000 טהאלער אלס א פאָנד פאר יונגע קאָמפּאָזיטאָרען צו בעזוכען איטאליען. פאר די ליעבהאָבער פון דראמאטישע קונסט אין פּאריז און פאר די פּאריזער מוזיקאלישע געזעלשאפט האָט ער אָבגעזאָגט צו 10.000 טהאלער. פיעלע האָס־פּיטאלען און וואָהלטהעטיגע אנשטאלטען האָט ער געשאָנקען צו 1000 און 500 טהאלער. ביי'ן לעבען האָט ער ניט איינמאָל גע־האָלפען אָרימע ארטיסטען און שרייבערס. אויף זיך זעלבסט האָט ער געזשאלעוועט, און פיעלע האָבען איהם דארום געהאלטען פאר א קארגען; אָבער ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָבגעזאָגט צו העלפען נויטבעדירפטיגע, בעזאָנדערס פּאָעטען.

ווען מען פלעגט איהם פרעגען, וואַרום ער האַלט ניט א קאַ־רעטע פאר זיך און קימערט זיך אפילו ניט וואָס זיין פּאַלטאָ איז אויסגעטראָגען, פלעגט ער ענטפערן: „פריהער פאר אלץ בין איך אַן ארטיסט און בין אויך שטאָלץ, וואָס נאָך אַלס 7-יעהריגער אינ־געל וואָלט איך געקענט זיך ערנעהרען מיט מיין קונסט. אין בער־לין האָב איך א וואָהנונג נאָך מיין פערמעגען און דאָ וויל איך ניט איבערגלענצען מיינע אָרימע קאָלעגען דורך שפּיעלען די ראָליע פון א גביר.“

ווי ווייט ער איז אין גאנצען געווען אָבגעגעבען צו מוזיק, קען מען זעהן פון פאָלגענדע ווערטער פון היינריך היינע:

„די ליעבע צו קונסט איז געוואָרען אזא ליידענשאפטליכע ביי אונזער גרויסען מאעסטראָ, אז זיינע פערעהרער האָבען מורא פאר זיין געזונד. צו דיזען קאָמפּאָזיטאָר איז ווירקליך צוגעפּאסט די

אָריענטאַלישע מעשה װעגען די װאַקסענע ליכט, װאָס געהט אַליין אויס, װען זי שײַנט פֿאַר אַנדערע. ער איז אָבער דער ביטערסטער פֿיינד פֿון פֿאַלשע קלאַנגען, געררויש, געװאַלדען. מען דערצעהלט זעהר קאָמישע געשיכטען װעגען זיין האַס צו קעץ און זייערע קאָנצער־טען. װען אַ קאַץ װאָלט נור אַריינגעקומען אין זיין װאָהנונג, װאָלט ער אַנטלאָפֿען אָדער געפֿאַלען אין אונמאַכט. איך בין זיכער, אַז מעיערבעער װאָלט זיך מקריב געװעזען פֿאַר אַ מוזיקאַלישע נאָטע, װען מען װאָלט עס דאַרפֿען, גראַדע װי אַנדערע פֿאַר זייער רעליגיאָן. איך דענק נאָך, אַז װען ביי דעם לעצטען געריכט אין הימעל װאָלט אַ מלאך דערלאַנגט אַ פֿאַלשען טרומייטער, װאָלט מעיערבעער גע־בליבען ליגען אין זיין קבר און ניט אויפֿגעשטאַנען צו תחית המתים.“

װעגען זיין מוזיק קען מען אין אַלגעמיין זאָגען, אַז זי געהערט ניט צו קיין שולע און צו קיין נאַציאָן. זי איז דער פּראָדוקט פֿון אַן אַלװעלטליכען זשעניע מיט אַלע איהרע מעלות און חסרונות. ער װאָלט פֿיעלייכט געבליבען אַ דייטשער קאָמפּאָזיטאָר, װי ער האָט עס אָנגעפֿאַנגען, װען ער װאָלט ניט עטליכע מאָל פּעריאָגט געװאָ־רען פֿון זיין פֿאַטערלאַנד דורך די ביטערע אַטאַקעס פֿון די קריטי־קער. די פֿראַנצויזען רעכענען איהם פֿאַר זייער קאָמפּאָזיטאָר און שטאָלצירען מיט איהם. געװיסער מאַסען האָבען זיי רעכט, דען נאָר אין פֿראַנקרייך, װאָס איז געװאָרען זיין צװייטעס פֿאַטערלאַנד, און אונטער דעם איינפֿלוס פֿון פֿראַנצויזישע מוזיק, קונסט און לעבען האָט ער אין פֿולסטען גלאַנץ ארויסגעװיזען זיין טאַלאַנט; אָבער זיין ערציהונג איז דאָך געװעזען אַ דייטשע און ער האָט לאַנג געלעבט און געשטודירט אין איטאַליען, שוין ניט ריידענדיג פֿון דעם, דאָס אין זיינע אָדערן האָט געפֿלאָסען אידישע בלוט.

פֿיעלע פֿון זיינע געגנער, בעזאָנדערס ריכאַרד װאַגנער, װעלכער איז זיכער געװעזען אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר, אָבער אויך אַ זעהר מיאוס׳ער כאַראַקטער, האָבען איהם געזוכט אויך צו ערנידריגען דערמיט, װאָס ער האָט אויסגעדריקט אין זיינע אָפּערעס אידישע מוזיק. װען דאָס װאָלט געװעזען אמת, װאָלט זיך מעיערבעער גאָה

ניט גערארפט שעהמען מיט אידישע מוזיק. **שעהמען האָט זיך געדארפט דער אנטיסעמיטישער וואגנער, דען אין דער צייט, ווען ער** האָט זיך געגויטיגט אין מעיערבעער'ס אונטערשטיצונג, האָט ער צו איהם געשריעבען: „האָכגעשעצטער מאַעסטראָ“ און האָט מיט גרויס דאנקבארקייט גענומען ביי איהם די רעקאָמענדאציאָנען, און נאָכהער, ווען ער איז געוואָרען אונאבהענגיג, האָט ער איהם אויף דער נידריגסטער ארט אויסגעזידעלט אין זיין אנטיסעמיטישען בי־כעל: „דאָס יודענטהום אין מוזיק“. ער האָט עס אויך געטהאָן ווי א פייגלינג, דען ער האָט מורא געהאַט צו דערמאָנען מעיער־בעער'ס נאָמען.

מיר ווע̃לען ענדיגען מיט די ווערטער פון אנטאָן רובינשטיין, דעם געניאַלען אידישען קאָמפּאָזיטאָר אין רוסלאַנד:

„מעיערבעער איז געוואָרען א טיפּ פון דער גרויסער פראַנצוי־שער אָפּערע. דיזער קאָמפּאָזיטאָר איז צו פיעל אויפגעהויבען גע־וואָרען ביז'ן הימעל אין פראַנקרייך און צו פיעל ערנידריגט געוואָרען פון ערנסטע קריטיקער אין דייטשלאַנד. עס איז אמת, ער איז ניט אָהן פעהלערען אין זיין קונסט; אָבער פיעלע מוזיקאַנטען, וואָס טרעטען ארויס געגען איהם, וואָלטען זעהר צופריעדען געווען, ווען ייי וואָלטען אין שטאַנד געווען איהם נאָכצומאכען.“

**ענדע.**

# קאטאלאג
## פון די
# אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק

פּרייז

פיליפּ קראַנץ, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, געבונדען,
יעדער באַנד ................... .75
" " פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, געבונדען .... 1.00
" " אַמעריקאַ פאר קאָלומבוס, געבונדען ...... .50
" " יציאת מצרים, פּאַפּיער ............... .15
" " וואָס הייסט נאַציאָן ............... .10

לעבענס־בעשרייבונגען פון בעריהמטע מענער.
אַ זאַמלונג פון ביאָגראַפיעס פון די גרעסטע דענקער,
פּאָעטען און שריפטשטעלער פון דער אַלטער און נייער
צייט, אין 3 בענדער, געבונדען, יעדער ........ 1.25

מאָרים ראָזענפעלד, שריפטען, 1טער סעט, באַנד 1, געבונדען 1.00
" " " " " 2 " 1.00
" " " " " 3 " 1.00
" נייע שריפטען 2טער סעט, באַנד 4, געבונדען 1.25
" " " " " " 5 " 1.25
" " " " " " 6 " 1.25

| | פרייז |
|---|---|
| ד. פינסקי, ערצעהלונגען, 2 בענדער, געבונדען, יעדער באַנד | .75 |
| " איזיק שעפטעל, דראמא | .15 |
| דר. קאספע, מעכאַניקע | .10 |
| " " כעמיע | .15 |
| " " אַסטראָנאָמיע | ,15 |
| יהואש, געזאַמעלטע ליעדער, געבונדען | 1.00 |
| י. גאָרדין, ערצעהלונגען, געבונדען | .75 |
| " " סאפפהא | .25 |
| " " גאָט, מענש און טייפעל | .25 |
| " " אלישע בן אבויה | .15 |
| " " דער אונבעקאַנטער | .20 |
| " " די אמת'ע קראַפט | .20 |
| מאקסים גאָרקי, ערצעהלונגען | .15 |
| " אינטערוויום | .15 |
| ליעוו טאָלסטאָי, איינציגער מיטעל | .5 |
| " פאַטריאָטיזמוס און רעגירונג | .5 |
| " צום ארבייטער פאָלק | .15 |
| דר. ח. זשיטלאָווסקי, דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע | .40 |
| ז. ליבין, געקליבענע סקיצען, געבונדען | .75 |
| מ. באראנאָוו, דער מענש און די נאַטור | .10 |
| לעאָפּ. קאמפף, פאַר'ן שטורם, דראמא | .20 |
| הענריק איבסען, די גייסטער " | .20 |
| „קניאז פאטיאמקין" | .20 |
| דר. ש. פעסקין, סטרייקס | .5 |

## פאלגענדע ווערק ווערען פערפערטיגט צום דרוק:

אַ פאָלשטענדיגע אויסגאַבע פון י. ל. פרץ'ס שריפטען
דר. ח. זשיטלאָווסקי'ס שריפטען
ליעסינג'ס געזאַמעלטע ליעדער
יודישע פאָלקס־ליעדער געזאַמעלט פון י. ל. כהן
דער מטורף, דראמא אין 4 אַקטען, פון יעקב גאָרדין
ל. טאָלסטאָי'ס די שקלאַפעריי פון אונזער צייט
" " דער סוף פון דער היינטיגער וועלט
" " די אויפשטעלונג פון גיהנם
" " וועגען דער געזעלשאַפטליכער בעוועגונג אין רוסלאַנד
" " תחית המתים
היינעס געדיכטע, איבערזעצט פון ד. פינסקי
געקליעבענע ערצעהלונגען פון גיואַי דע מאפאסאן, איבערזעצט פון י. ענטין

אדרעסירען:
The International Library Pub. Co.
102 & 104 W. 38th ST.
NEW YORK.

